דאָס בוך איז דערשינען אַ דאַנק
דער ווירקנדיקער הילף פון מיין
טייערער שוועסטער פ ר י ד אַ

ד ע ר  מ ח ב ר

ישעיה זאַנדבערג

# אַ פּלאַץ אויפן וואַסער

פאַרלאַג „אויפקום", תל־אביב
תשל"א / 1971

געהייליקט דעם אָנדענק
פֿון מיין מאַמען רבקה בת ישעיה ז״ל,
וואָס האָט געלערנט מיט יידישע
קינדער לייענען און שרייבן יידיש.

# המשך

כאַטש איינציקווייז פּלאַצן די סטרונעס,
פאַרשטומט ווערט אַ קלאַנג נאָך אַ קלאַנג, —
בלייבט גאַנץ נאָר דער גלויבן איבער,
אַז לעבן וועט אונדזער געזאַנג.

מיר קומען פון פייער אַרויס,
פון מידבר באַווינט מיט פּראָפעטן,
און שטענדיק מיט נסים געלעבט;
דערצויגן אויף שטראָפרייד וואָס גלעטן.

געשלונגען דאָס וואָרט פונעם נביא,
געליכטיקט אין בלענד פון זיין חלום,
אין מיטן געקלאַנג פון די שווערדן
גערופן צום אייביקן שלום.

וועט אויפשטיין אַ דור אַ באַנייטער
און ציען דעם פאָדעם נאָך ווייטער,
פון דורות די גאָב נישט פאַרשעמען,
די ירושה פון פאָלק איבערנעמען.

דעם טיפן געדאַנק פון בן מימון,
די ליבשאַפט צום מענטש פונעם בעש״ט,
דאָס צעזונגענע ליד פון אַ לייוויק,
דעם ליכטפלאַם וואָס קיין מאָל נישט לעשט.

ישעיה זאַנדבערג

אונ אַזוי וועט די גאָלדענע קייט,
אומעטום ווו אַ ייד איז פאַראַנען,
זיך פלעמלען אין שטראַליקן ליכט
און ס׳געלייטערטע וואָרט נאָך דערמאַנען.

בריסל, מערץ 1971

# עמיגראַנטן

## דער ערשטער עטאַפּ

פּרץ האָט פֿאַרלאָזן זיין היים ווי איינער וואָס גייט אַרויס אויף אַ שפּאַציר און באַלד דאַרף ער קומען צוריק. ער האָט שפּעטער נישט געקענט פֿאַרשטיין ווי אַזוי ער האָט זיך דעמלט אַרויסגעלאָזט אין אַזאַ וועג אָן דער מינדסטער צוגרייטונג.

ס'איז געווען נאָכן סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה; אין פּוילן האָבן געהערשט פּאָגראָם־שטימונגען און צאָלרייכע יידישע יוגנטלעכע האָבן פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד און זיך געריסן אין דער פֿרייער וועלט אַריין.

אין דעם גרענעץ־שטעטל ווּלוין האָט ער זיך געדאַרפֿט טרעפֿן מיט אַ חבר, אַ ווּלוינער, וועלכער האָט געזאָלט צוזאַמען מיט אים גנבענען די גרענעץ. ווייטער, איז ער געווען ביי זיך זיכער, וועט שוין אַלץ גיין ווי פֿון זיך אַליין.

דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, אַ צוזאָגנדיקער און האָט אונטערגעהאַלטן ביי אים די אויפגעלייגטקייט; אַ לייכט ווינטל האָט אָפּגעיאָגט פֿון אים, ווי שטויב, דעם לעצטן קלער פֿאַרן מאָרגן; און שוין שטייענדיק אויף דער שוועל האָט ער אַראָפּ־געוואָרפֿן פֿון זיך דעם פּאַלטן און אים איבערגעלאָזט אין דער שטוב ווי אַן איבעריקע זאַך.

— צו וואָס, האָט ער זיך געזאָגט, שווער מאַכן דעם וועג

צו דער גרענעץ? אָנקומענדיק אויפן אָרט וועט מען זיך שוין ממילא אַן עצה געבן.

*

אין בערלין איז ער אָנגעקומען פאַרטאָגס. אַראָפּגייענדיק פון דער באַן האָט אים אַרומגענומען אַ פּייכטע קעלט, כאָטש ס׳איז שוין געווען סוף מאַי. ער האָט זיך דערמאָנט אינעם פּאַלטן, וואָס וואָלט אים איצט אַזוי צו נוץ געקומען, אָבער ס׳איז געווען אַן אָפּגעטוענע זאַך. מיט דעם ביסל געלט, וואָס איז אים געבליבן נאָך דער נסיעה, האָט ער נישט געקענט טראַכטן אַפילו וועגן קויפן עפּעס אַ מלבוש. די פּאָר מאַרקן האָבן אים קוים געקענט קלעקן צו באַצאָלן דעם האָטעל.

ער האָט זיך באַלד אַרויסגעלאָזט אויפזוכן די יידישע געגנט, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין דער וועלט. אויף די טראָטואַרן, וואָס האָבן אין דער שעה געפּיבערט מיט זייער באַלעבטקייט, זענען מיליטער־אינוואַלידן אין אָפּגעטראָגענע אוניפאָרמען געזעסן אָנגע־שפּאַרט אָן די טויערן און אויסגעשטעקט די הענט נאָך אַ נדבה. אַנדערע האָבן פּאַרקויפט צייטונגען און בראָשורן. איינער אַזאַ פּאַרקויפער איז געשטאַנען אין מיטן טראָטואַר און כסדר איבער־געחזרט דעם טיטל פון אַ בראָשור וואָס האָט געהייסן: „די יידן זענען שולדיק אין דער מפלה פון דייטשלאַנד״.

— די יידן! די יידן זענען שולדיק! — האָט פּרץ שיער נישט אויסגעשריגן אויף אַ קול — אַן אויפגעקאָכטער, האָט ער זיך צוגעשטופּט צום בראָשורן־פּאַרקויפער, אָבער דער כעס איז אים אָפּגעגאַנגען, ווען ער האָט דערזען פאַר זיך אַן אָרעם מענטשל מיט אַ פאַרפּינצטערט פּנים, אויף וועלכן קיינער פון די פאַרביי־גייערס קוקט זיך אַפילו נישט אום; ס׳האָט זיך נאָך אַריינגעכאַפּט אין אים אַ רחמנות־געפיל צו דעם פינצטערן שלימזל.

— ניין, האָט ער זיך געזאָגט אין געדאַנק, די פעלקער וועלן

זיך מער נישט לאָזן אָפּנאַרן, די אויגן האָבן זיך געעפנט און מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו זען!

אין דער שטימונג האָט ער זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון דער גרענאַדירשטראַסע, ווו ער האָט געהאָפט צו געפינען יידן. אָבער איידער ער איז אַהין דערגאַנגען, האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ האַלב באַקאַנט קול:

— אָווּאָ, די וועלט איז קליין! ווען זענט איר געקומען?

באַלד האָט פּרץ דערזען דאָס רירעוודיקע בחורל, מיט וועלכן ער האָט זיך געטראָפן אין דעם איינפאַרהויז אויף דער דייטשער זייט נאָכן אַריבערגיין די גרענעץ. זיי האָבן זיך ביידע דערפרייט, ווי אַלטע גוטע פריינט, און געהאַלטן פאַר אַ גוטן סימן דעם פאַקט, וואָס זיי האָבן זיך דאָ ווידער צוזאַמענגעטראָפן.

דאָס בחורל האָט פּרצן אָנגעוויזן אויף אַ ביליקן פּענסיאָנאַט, ווו מען האָט נישט באַדאַרפט באַצאָלן פאָרויס, און אים צוגעפירט צום „בית-עם", ווו פּרץ האָט זיך באַקענט מיט אַ חברה יונגוואַרג, געבוירענע אין דייטשלאַנד און עסטרייך, מיט וועלכע ער איז באַלד געוואָרן היימיש.

דער דאָזיקער יידישער קולטור-צענטער האָט זיך געפונען אין סאַמע מיטן פון אַלט-בערלין, נישט ווייט פון אַלעקסאַנדער-פּלאַץ.

פּרצן איז געווען אַ חידוש, וואָס דער מיטלפּונקט פון יידישן לעבן אין בערלין האָט זיך גראָד געשאַפן אין אַ געגנט, ווו די גאַסן טראָגן אַזעלכע נעמען ווי: גרענאַדירשטראַסע, דראַגאָנער-שטראַסע אדג"ל, נעמען, וואָס קלינגען דווקא אַזוי עכט דייטש-מיליטעריש, אָבער קיינער פון די אַלט-איינגעזעסענע האָט אים דאָס נישט געקענט דערקלערן. שמואל ראַטנער, אַן עסטרייכישער בחור, מיט וועמען ער איז באַלד פון אָנהייב געוואָרן פריינט, האָט אים גוטברודעריש געקלאַפּט אויף דער פּלייצע און אים געראָטן זיך צו פאַרנעמען מיט מער פּראַקטישע זאַכן.

שמואל ראַטנער, אַ קורצזיכטיקער, מיט טיפע קנייטשן אין שטערן, האָט ער אויסגעזען עלטער ווי אויף זיינע יאָרן. ער איז ערשט נישט לאַנג צוריק געוואָרן דעמאָביליזירט. אין משפחה־אַלבום ביי זיינע עלטערן אין הויז האָט פּרץ געזען זיין בילד אין אוניפאָרם פון אַן עסטרייכישן אונטער־אָפיציר. מיט פּרצן האָט ער זיך געטראָפן יעדן טאָג און זיך צו אים שטאַרק צוגעבונדן, אָבער ער האָט כסדר געהאַט טענות צו אים וואָס ער וויל „פאַר־ברענגען אַ לעבן מיט חלומות" און גענומען אויף זיך אים וואָס גיכער אויסצוגרינען.

פּרץ איז געווען איבערראַשט צו געפינען צווישן די אָרטיקע יוגנטלעכע אַזוי פיל אידעאַליזם, קולטור און נאַציאָנאַלע געפילן און ער האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין וואָס ער האָט דאָס פריער נישט געוווּסט.

נישט לאַנג דערנאָך האָט ער זיך דערשלאָגן צו דער רעדאַקציע פון אַ יידישער צייטשריפט, וואָס האָט דעמלט אָנגעהויבן צו דער־שיינען אין בערלין. פּרץ איז דאָרט געוואָרן אויפגענומען פאַר אַ קאָרעקטאָר, און פאַרדינענדיק עפּעס דערנעבן מיט געבן לעקציעס האָט ער שוין, ווי ס'איז, געקענט אויסקומען.

אָבער ס'איז פאַר אים געווען קלאָר, אַז ער וועט דאָ נישט בלייבן, אַז דאָס איז נאָר זיין ערשטער עטאַפּ. די פריינט, וואָס ער האָט זיך מיט זיי שוין איינגעלעבט, האָבן זיך געמיט אים צו פאַרהאַלטן, אים אויפגעוויזן, אַז עס וואַרט אויף אים אַ שיינע צוקונפט אין דער צייטשריפט, ווו ער האָט נישט שלעכט פאַרדינט און אָנגעהויבן זיך צו דרוקן. אָבער די קראַפט, וואָס האָט אים געטריבן ווייטער, איז געווען שטאַרקער. אין פּאַריז און בריסל האָט ער געהאַט פריינט, פאַר וועלכע ער האָט געהאַט וואַרעמע סענטימענטן נאָך פון דער היים. יענע לענדער האָבן אים ווי מאַגנעטיזירט און ער האָט סוף־כל־סוף באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין וועג אַריין.

דער צוג וואָס האָט אים געדאַרפט פירן צו דער בעלגישער גרענעץ איז אָפּגעגאַנגען שפּעט אין אָוונט. ראַטנער איז געקומען אים באַגלייטן און זיך געזעגנט דערפאַר, אַז פּרץ זאָל האָבן דאָס נייטיקסטע אין וועג, ווייל אַליין, האָט ער געוווּסט, וועט ער נישט טראַכטן וועגן די זאַכן.

פון פאַרשיידענע האָריזאָנטן זענען זיי געקומען און קורץ איז געווען זייער צוזאַמענזיין, אָבער זייער פריינטשאַפט האָט קיין מאָל נישט געדאַרפט אויפהערן.

## אין אַ בעלגישן קוילן־גרובן

דער קאַרנאַוואַל אין בענש איז געווען אין פולן גאַנג. צווישן די ירידלייט, גאַסן־זינגערס און קאָטערינשטשיקעס, וואָס זענען דאָ אַהערגעקומען „פאַרדינען זייער לעבן", ווי דאָס האָט דאָ געהייסן, האָבן זיך אויך געפונען פּרץ מיט זיין פריינט משהלע אַמסטער. ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָבן זיי אין יידישן אַנטווערפּן איינגעהאַנדלט אַן אַפּאַראַט אויף שנעל־פאָטאָגראַפיע און באַלד אַהערגעקומען פּראָבירן זייער מזל.

די שטאָט בענש איז זיי נישט געווען אומבאַקאַנט. ווי לאַנג איז גאָר ווי זיי האָבן ביידע, קוים עטלעכע קילאָמעטער פון דאַנען, געאַרבעט אין אַ קוילן־גרובן?

פעיראַן־לעי־בענש, אַזוי הייסט דאָס שטעטעלע וואָס ליגט ווי אָנגעשפּאַרט אָן אַ קוילן־מינע, צו וועלכער ס'האָבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך געלאָזן אַ גרעסערע צאָל אימיגראַנטן פון פוילן, רומעניע און אַנדערע מיזרח־לענדער. די אַלע מענטשן, ס'רוב יידן, האָבן געשוואַרצט וועך ווייסט וויפל גרענעצן ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן קיין בעלגיע. אַחוץ די שוועריקייטן צו באַקומען אַרבעט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף קאָמפּליקאַציעס ביי איינ־

מעלדן זיך, צוליב פעלן פון די נייטיקע פּאַפּירן. זיי פלעגן דעריבער זיין געצוווּנגען זיך אויפצוהאַלטן אין לאַנד אומלעגאַל און לעבן אין אַ שטענדיקער אומזיכערקייט. דאָס קומען אַרבעטן אין קוילן־גרובן האָט פאַרענטפערטביידע קשיות מיט אַ מאָל. סיי מען האָט תיכף באַקומען אַרבעט און סיי מען האָט אַרויסבאַקומען די פּאַפּירן, אַ דאַנק וועלכע מען איז געוואָרן לעגאַליזירט.

פאַר פרצן איז דאָס געווען אַ שווערע צייט, אָבער אַן אינ־טערעסאַנטע ביז גאָר. עס זענען געווען מאָמענטן, ווען ער איז געווען שטאַרק צופרידן פון דעם וואָס ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט זיך נעענטער צו באַקענען מיטן לעבן פון די קוילן־גרעבערס, זייער אופן באַנעמען די וועלט־געשעענישן, זייערע טעגלעכע זאָרגן און פאַרגעניגנס.

ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַריינגעגאַנגען אין דער צוויי־גאָרנדיקער שטייג מיט אירע ווענט פון אייזערנע שטאַנגען, וואָס זענען שטענדיק באַדעקט מיט אַ נאַסקייט, און ווו פון אויבן טריפט טראָפּנווייז אַראָפּ אַ נישט־ניחאדיקע קילקייט פון ברודיק וואַסער, האָט ער זיך געמוזט אָנטאָן אַ כוח צו פאַרטעמפּן אין זיך דאָס געפיל פון אומרו, וואָס האָט אים פלוצלונג אַרומגענומען.

די שטייג האָט זיך האַסטיק געטאָן אַ ריס פון די קייטן אויף וועלכע זי איז געהאָנגען און אַריינגעפאַלן אין דער נאַכט־פינצטערניש. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער טיף מיט אַ בליציקער גיכקייט, און באַלד האָט זיך פרץ געפונען אין דער צענטראַלער גאַלעריע, וועלכע איז געווען באַלויכטן מיט עלעקט־רישן ליכט.

אַ שאַכטיאָר האָט אים דערלאַנגט אַ לאָמפּ אין דער פאָרעם פון אַ טורעמל, ווו דער פלאַם איז געווען אַרומגענומען מיט אַ מין מעטאַלענער לייוונט. עמעצער האָט אים געפירט, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע, אין זייטיקע גאַלעריעס פאַרפעסטיקטע מיט הילצערנע

סלופּעס ביי די ווענט און איבערן קאָפּ. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען די אונטערערדישע געסלעך דורך וועלכע מען פירט זיי צום אָרט וווּ זיי דאַרפן זיך שטעלן אַרבעטן. ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, זענען דאָס אַלץ געווען אָנפאַנגערס, אַזוי ווי ער, „גרינע", וואָס האָבן נאָך נישט געוווּסט ווו איין און ווו אויס". דער פאָר־אַרבעטער האָט זיי כסדר געוואָרנט צו גיין איינגעבויגענער־הייט, ווייל פון געהילץ איבערן קאָפּ שטייען אַרויס שטיקער האָלץ וואָס קענען עמעצן מאַכן אַ לאָך אין קאָפּ.

אין דער מינע האָט פּרץ געקוקט אויף אַלץ מיט אויפגעריסענע אויגן, ווילנדיק איינזאַפּן אין זיך אַלץ וואָס ער האָט דאָ געזען. ער האָט זיך געמיט נישט אָפּצושטיין פון די אַנדערע. גלייך מיט זיי האָט ער געקלעטערט איבער די איינגעמויערטע לייטערס מיט די שיטער אויסגעלייגטע שטאַפּלען, וואָס פון איינעם צום אַנדערן איז געווען אַ מהלך. אַחוץ דער צענטראַלער גאַלעריע איז דאָ אַלץ געווען משופּע און אָפּט איז אויסגעקומען זיך אַרויפצודראַפּען אָדער אַראָפּצולאָזן אויף אַ העכערן צי אַ נידעריקערן שטאָק.

פּרץ האָט מיט זיין מאָגערן גוף לייכט זיך אַדורכגעשטופּט אין די ענגע ערדשפּאַלטן נישט אָפּשיילנדיק זיך די הויט. ער האָט זיך אויך גיך צוגעוווינט צום געוואַלדעווען פון די קוילן־גרעבערס, וואָס אין אָנהייב האָט דאָס ביי אים אויסגעזען ווי אַ קריגעריי וואָס קען באַלד איבערגיין אין אַ געשלעג. איצט האָט ער פאַר־שטאַנען, אַז אַנדערש קען מען דאָ נישט, ווייל אָנהייבנדיק צו קלעטערן אויף אַזאַ לייטער, האָט מען זיך פריער געדאַרפט פאַר־זיכערן, אַז פון אויבן גרייט זיך נישט עמעצער גראָד אַראָפּצו־קריכן, האָט מען געמוזט אַרויפשרייען: „העי, לאַ־באַ־ד׳סי!" ס׳האָט געהייסן: גיט אַכטונג דאָרט אויבן!

אַזוי האָט אין דער אונטערערדישער וועלט, ביז צום מענטש־לעכן קול, אַלץ אָנגענומען אַ באַזונדערן כאַראַקטער, און אַ סך

פון דעם וואָס האָט זיך „אין דער הייך" אויסקריסטאַליזירט און געשליפן אין פאַרלויף פון דורות האָט דאָ זיך צוריקגעקערט צום פרימיטיוון צושטאַנד, געוואָרן רוי און האַלב ווילד.

די טומלען און גערודערס האָבן אויף אַ סך ערטער אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן מעת־לעת. לאַנגע שורות וואַגאָנדלעך זענען געוואָרן געלאָדן מיט רויע גרודעס קוילן און שטיינער, באַגלייט פון שווער־אָפּהילכנדיקע, טרוקענע קלעפּ, וועלכע האָבן זיך אויסגעמישט מיט די באַפעלן פון די קוואַליפיצירטע מינע־אַרבעטערס צו זייערע העלפערס; ס'האָבן זיך אין די געפּילדערס אַריינגעפלאָכטן די אויסגעשרייען צו די פערד, וואָס זענען געווען איינגעשפּאַנט אין די לאַנגע צוגן, וועלכע זיי האָבן געדאַרפט צופירן צו דער אייזערנער שטייג, וואָס האָט די לאָדונג אַרויפגעבראַכט אין דער הייך. אַדורכגייענדיק פאַרביי אַזאַ צוג האָט מען געמוזט גוט אַכטונג געבן, ווייל די איינגעשפּאַנטע פערד זענען אין דער מינע געוואָרן בלינד און נישט געקענט וויסן עמעצן אויסצומיידן.

נישט זייענדיק פאַררעכנט פאַר אַ קוואַליפיצירטן אַרבעטער האָט פרץ געטאָן פאַרשיידענע געהילף־אַרבעטן, וועלכע זענען געוואָרן אויסגעפירט דורך קליינע גרופּעס, דער עיקר אין די „טאַיען", דאָס זענען די ענגע ערדשניטן, וועלכע שאַפן זיך נאָכדעם ווי מען נעמט אַרויס די קוילן פון דער אָדערצווייג און מען קומט צו צום שטייניקן פעלדז. איצט האָט מען דעם ליידיקן שטח אין די אינגעווייידן פון דער ערד געדאַרפט אויספילן, פאַרשטאָפּן מיט די שטיינער, וועלכע זענען ווידער געוואָרן אויסגעהאַקט צווישן איין קוילן־אָדער און דעם צווייטן, כדי עס זאָל נישט בלייבן קיין הוילקייט אויף דעם אָרט.

אַ מענטש האָט זיך דאָרט קוים געקאָנט אַדורכשטופּן, און צוליבן קאַרגן אָפּשטאַנד צווישן „דיל" און „סופיט" האָט מען די אַרבעט געמוזט אויספירן ליגנדיק אויפן רוקן אָדער אויף אַ זייט.

פרץ האָט ביסלעכווייז דערוואָרבן מער דערפאַרנקייט. ער איז אין די ערשטע טעג טאַקע באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, וואָס רופט נאָך היינט ביי אים אַרויס אַ שמייכל, ווען ער דערמאָנט זיך אין דעם. זייענדיק אין צווייען מיט אַ יונגן אַרבעטער, האָט זיך יענעם אויסגעלאָשן דער לאָמפּ און פּרץ האָט אים אויסגעבאָרגט זיין אייגענעם, אַז ער זאָל קענען גיין זיך באַזאָרגן אַן אַנדער לאָמפּ.

פּרץ איז, בכן, געבליבן איינער אַליין אין דער פינצטער... ער האָט געהאַט מזל, וואָס אַ „פּאָריאַן״ (אַן אַרבעט־עלטסטער אין דער מינע) איז שפּעטער גראָד אַדורכגעגאַנגען און אים באַמערקט. דער פּאָריאַן האָט אויף אים אָנגעשריגן, געזאָגט אַז ער פאַרדינט אַ שטראָף, אָבער זעענדיק פאַר זיך אַ נייעם „מאַנעווער״ איז אים דער כעס גיך איבערגעגאַנגען. ער האָט פּרצן צוגעפירט צו זיין גרופּע און אויפן וועג אים באַקאַנט געמאַכט מיטן קוילן־גרעבערישן ווערטל, אַז „דער טויט קומט אויסלעשן דאָס לעמפּל״...

נאָך אַן אַרבעט איז געווען אין דער מינע וואָס מען האָט זי געדאַרפט אויספירן ליגנדיק אויפן רוקן. די דאָזיקע אַרבעט איז געוואָרן געטאָן אין אַ ברייט־משופּעדיקער פאַרטיפונג ווו מען האָט באַדאַרפט מיט די פּיס אַרונטערשטופּן גרודעס קוילן אויף אַ מער נידעריקן ערד־שטח. דאָרט האָבן זיך אין אַ זייט געפונען ליידיקע וואַגאָנדלעך, ווו די קוילן זענען געוואָרן אויפגעלאָדן.

טוענדיק די אַרבעט האָט זיך פּרצן אַ מאָל אויסגעוויזן, אַז היינט פאַרנעמט מען זיך מיט אים מער ווי אַלע מאָל. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז מען וואַרפט אויף אים זייטיקע בליקן, און אין אַ געוויסן מאָמענט איז דער פּאָריאַן אַליין צוגעקומען אים פרעגן ווי די אַרבעט גייט עפּעס. ס'איז זייער מאָדנע, אָבער פּרץ האָט זיך אויפגעהערט צו וווּנדערן, ווען ער האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז דער וואָס האָט געטאָן די אַרבעט מיט אַ טאָג פריער, אַ יונגער

מענטש, וואָס האָט ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק חתונה געהאַט, האָט זיך צוזאַמען מיט די קוילן אַראָפּגעגליטשט און אונטן פֿאַרשיט געוואָרן.

ער האָט זיך אויך דערוווּסט, אַז דעם מאָרגעדיקן טאָג וועט די מינע שטיין שטיל, ווייל ס׳האָט זיך געפּירט, אַז דעם טאָג ווען ס׳קומט פֿאַר די באַגראָבעניש פֿון אַ פֿאַראומגליקטן אין דער מינע, האָט קיינער נישט געאַרבעט.

צו מאָרגנס איז פֿאָרגעקומען די לוויה. ביי נאַכט איז אָנגעפֿאַלן אַ שניי, וואָס איז אין די מאָרגן־שעהען צעגאַנגען און זיך פֿאַר־וואַנדלט אין אַ שיטערער בלאָטע. דער וואָגן מיטן אָרון האָט געריירט פֿון אָרט און זיך גענומען טרייסלען אויפֿן הויקערדיקן ברוק; אויף אַ זייט איז געווען אָנגעבראַכט אַ קראַנץ פֿון דער קוילן־געזעלשאַפֿט און עס זענען נאָכגעגאַנגען אַ בינטל מענטשן מיט רעזיגנירטע פּנימער.

פֿרץ וווּנדערט זיך וואָס מען זעט נישט די פֿרוי פֿון געהר־געטן נאָכגיין דעם אָרון פֿון איר מאַן; עמעצער דערקלערט אים, אַז אין בעלגיע איז איינגעפֿירט, אַז פֿרויען גייען נישט אויף די לוויות פֿון זייערע פֿאַרשטאָרבענע מענער.

אויפֿן בית־עולם האָבן זעקס אַרבעטערס אין ריינער קוילן־גרעבערישער קליידונג, מיט קאַסקעס אויף די קעפּ, געטראָגן די טרומנע אויף זייערע פּלייצעס ביז צום קבר. קיין רעדעס זענען נישט געווען, ווייל, האָט אים דער זעלביקער חבר דערקלערט, דאָס איז נישט גערעכנט פֿאַר קיין קוילנגרוב־קאַטאַסטראָפֿע; אַזעלכע איינצלנע פֿאַלן טרעפֿן דאָ אַלע פּאָר טעג און ווערן נישט באַטראַכט ווי באַזונדערע געשעענישן.

פֿרץ האָט דאָס אָפּגעפֿילט ווי אַן עוולה, וואָס מען באַגייט קעגן דעם מת, און ווען מען האָט דעם טויטן אַראָפּגעלאָזט מיט שטריק אין דער גרוב, איז אין אים אויפֿגעקומען דער געדאַנק,

אַז דאָס האָט געקענט זיין ער, פּרץ, ווען מען וואָלט אים געווען באַשטימט צו אַרבעטן אויף דעם געפערלעכן אָרט מיט אַ טאָג פריער. לאַנג האָט ער זיך נישט געקענט באַפרייען פון אַ פאַר־נעפּלטן שולדגעפיל, וועלכער האָט אין אים אַריינגערעדט, אַז דער אומגעקומענער איז געפאַלן אַ קרבן פאַר זיינעטוועגן...

*

אַן אויפגאַבע וואָס ער האָט גערן אויסגעפירט, דאָס איז געווען די צוגרייטונג פון סלופּעס צום אונטערשפּאַרן די ווענט פון די גאַלעריעס. דאָס לעמפּל, וואָס כדי צו האָבן פרייע הענט האָט ער עס צוגעטשעפּעט צו אַ דרענגל וואָס האָט אַרויסגע־סטאַרטשעט פון אַ וואַנט, באַלייכט קוים דעם שטח, ווו ער צע־זעגט אויף לאַנגע שטיקער דעם דיקן ביימערשטאַם, וועלכער איז נאָך פייכט און פאַרשמעקט די פאָר איילן, ווו ער פירט אויס די אַרבעט, מיט זיין זאַפטיקן אַראָמאַט. פּרצן דאַכט זיך, אַז ער פילט די לופט פון אויבן און ער אָטעמט מיט דער פרישקייט פון דער פרייער נאַטור.

אין אַזאַ מאָמענט איז אים געווען גוט צו טראַכטן וועגן אסתרן, זיין געטרייע חברטע וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אַליין אין בריסל, ווען ער איז געפאָרן אַרבעטן אין די קוילנגרובן. זי האָט, ווי אַ סך מיידלעך און יונגע־לייט, געאַרבעט ביי דאַמען־טאַשן, אַן אינדוסטריע וואָס איז איינגעשטאַנען אין יידישע הענט און ווו דער צוטריט פאַר יידישע אימיגראַנטן איז געווען אָן איבעריקע שוועריקייטן.

ער איז היינט באַזונדער אויפגעלייגט און פילט כמעט נישט קיין מידקייט. ס'איז שטיל. ער הערט בלויז אָפּגעטעמפּטע קלעפּ פון יענער זייט וואַנט. ער ווייסט, אַז דאָרט שטייט אַ קוילן־העקער און מיט אַן עקבויער־מאַשין גראָבט ער אויס אַ טיפע

עפּענונג אין דער וואַנט, וווהין ער וועט אַריינשטופּן דעם אויפ־רייס־מאַטעריאַל וואָס דאַרף צעזעצן דעם האַרטן פעלדז.

דערווייל איז שטיל. די צייט גייט און דאָס האַנטזייגערל ווייזט שוין אויף דער שעה ווען ס'בייטן זיך די שיכטן. דער פּאָריאָן האָט שוין דאָ באַדאַרפט זיין און אים אָראָפּנעמען פון דער אַרבעט. זאָל ער האָבן אין אים פאַרגעסן?

פּרץ לייגט אַוועק די זעג מיט דער האַק. ער באַשליסט אַליין אָפּצושטעלן די אַרבעט. ער זעצט זיך אַוועק אויף אַן אַדורכגעזעגטן שטאָם און וואַרט.

נאָר לאַנג אַזוי איינזיצן קען ער נישט. אַ ביסל איז ער שוין טאַקע אומרואיק, אָבער אין דער טיפער פינצטערניש זעט ער אויפגלימערן אַ פּיצל שיין, וואָס פאַרשווינדט און באַווייזט זיך ווידער. ציטערנדיק שפּאַלט זי, ווי אַ דימענט, די חשכות, ווערנדיק אַנזעעוודיקער, גרעסער. פּרץ נעמט צונויף די ארבעט־מכשירים, דער פּאָריאָן האָט אים נישט פאַרגעסן.

*

מען האָט אים געשריבן פון בריסל, אַז משהלע אַמסטער, זיינס אַ חבר פון דער היים, איז געקומען פון פּאַריז און ער ווייסט נישט צו וואָס זיך צו נעמען. פּרץ האָט נישט לאַנג גע־טראַכט און אים געהייסן קומען אַרבעטן מיט אים צוזאַמען. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט משהלע אַמסטער זיך צוגעשטעלט צו דער מעדיציניִשער אונטערזוכונג פון דער קוילן־גרובן.

ער איז געווען אַ פּעסט־געבויטער חברהמאַן מיט ברייטע פּלייצעס. זיין פאַרצויגענעם נאָמען האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין ווייכן כאַראַקטער און דאָס אַקעגנקומען יעדן מיט אַ גוט וואָרט. ס'האָט זיך פונדעסטוועגן שפּעטער אַרויסגעשטעלט, אַז אין דער איבער ניין הונדערט מעטער טיפער מינע האָט דער קרעפּקער משהלע אַמסטער זיך נישט געקענט קיין אָרט געפינען

און זיך אַרויסגעוויזן אַ סך אומבאַהאָלפּענער פון אים, פּרצן, וואָס מיט זיין שמאָל־ברוסטיקן גוף האָט ער אויסגעזען לגבי אים ווי אַ יינגל.

קוואַרטיר האָבן זיי געהאַט ביי אַבעלן, אַ קוילן־גרעבער אין די מיטעלע יאָרן, וועלכער האָט געוווינט מיט זיין ווייב אין „קאַראַן", דאָס איז געווען אַ קאָמפּלעקס פּרימיטיווע געבויטע הייזקעס, וואָס די קוילן־גרעזעלשאַפט האָט אויפגעבויט פאַר אירע אַרבעטער־משפחות צופּוסנס פונעם „טעריל"[1].

אַבעל איז געווען אַ טונקל־הויטיקער האַרעפּאַשניק מיט לאַנגע, אַ ביסל נאָכהענגענדיקע אָרעמס. ער האָט געהאַט אויפן פּנים קליינע בלויע פלעקן, וועלכע האָבן זיך מן־הסתם גענומען פונעם קוילנשטויב, וואָס זיין הויט האָט אין זיך איינגעזאַפּט אין פאַרלויף פון יאָרן. ער האָט זיינע קוואַרטיראַנטן אָפּגעגעבן דאָס שענסטע צימער וואָס ער האָט געהאַט און וואָס איז געווען אויס־געהאָנגען מיט אילוסטראַציעס, אַרויסגענומען פון אַלטע זשורנאַלן. ער האָט מיט זיינע קוואַרטיראַנטן קיין מאָל נישט גערעדט וועגן געלט, ביז זיי האָבן אים נישט שפּעטער אַליין געפרעגט וואָס אים קומט. געזען האָבן זיי אים בלויז פון איין זונטיק אויפן אַנדערן, ווייל זיי האָבן געאַרבעט נאַכטשיכט, און ווען זיי זענען אין דער פרי אַהיים געקומען זיך לייגן שלאָפן, איז אַבעל געגאַנגען צו דער אַרבעט.

די ניי־געקומענע זענען, בדרך כלל, געוואָרן אָנגעשטעלט ביי נאַכטאַרבעט, וועלכע איז געווען פיינלעכער ווי די אַרבעט פון בייטאָג. ס'איז געווען שווער זיך צוצוגעוווינען צו דעם שטייגער

[1] טעריל — אַן אָפּפאַלבאַרג נעבן אַ קוילן־גרובן. נאָך דעם ווי די רויע קוילנגרודעס ווערן אַרויפגעבראַכט פון דער מינע, ווערן די שטיינערנע און מעטאַלענע עלעמענטן באַזייטיקט און אָנגעוואָרפן אויף אַ קופּע, פון וועלכער ס'שאַפט זיך מיט דער צייט אַ באַרג, וועלכער שפּרייט זיך אויס אין דער לענג און אין דער ברייט.

לעבן און אַן אומהיימלעכקייט האָט געווייעט פון בלויזן גיין צו דער אַרבעט אין די שעהען ווען אַלע רוען אין זייערע וואַרעמע שטיבער.

גייענדיק ביי נאַכט דורך די נישט־באַלויכטענע, אויסגעשטאָר־בענע געסלעך מיט די אָנגעהאָנגענע בלעכענע קענדלעך קאַווע ביי דער זייט, האָבן זיי זיך אויסגעמישט מיט די שורות מענטשן וואָס האָבן, שווייגנדיקע, גענומען דעם זעלביקן וועג, און זיי האָבן אַלע אויסגעזען ווי באַוועגלעכע שאָטנס אין דער נאַכט.

ווי ער וואָלט געוווסט פון וואָס זיין חבר טראַכט אין דער מינוט, האָט פּרץ אַרויסגערעדט ווי פאַר זיך:

— מיט איין זאַך קענען מיר פונדעסטוועגן זיין צופרידן. מיר געפינען זיך איצט צווישן פריינטלעכע, גוטע מענטשן און פילן נישט מער אויף זיך די פאַרסמטע בליקן פון די לייט, וואָס זענען אַזוי צעפרעסן פון שינאה, אַז זיי קענען שוין קיינעם נישט ליב האָבן.

*

אין די זונטיקן, ווען ס'האָט זיך געמאַכט אַ לינד וועטער, האָט מען אַבעלן געקענט זען צוזאַמען מיט שכנים זיצן, אויף זייער שטייגער, פאַר דער טיר. זיי האָבן זיך קונציק אַראָפּגע־זעצט אויף די שפּיץ פינגער פון די פיס, האַלטנדיק די עלנבויגנס אויף די שענקלען, בשעת דער אונטער־חלק האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די קלעצער פון די שיך.

מיט קורצע, אָפּגעהאַקטע פראַזן, האָבן זיי אַזוי שעהען לאַנג געפירט זייערע שמועסן. אָפט מאָל האָבן זיי געשוויגן קייענדיק דעם טאַבאַק, אַנשטאָט אים צו רויכערן, און מאָמענטנווייז שפּייען מיט תענוג פון די פולע מיילער.

ווען פּרץ האָט צום ערשטן מאָל זיך געקליבן אַוועקצושיקן אַ בריוו און געפרעגט דעם באַלעבאָס אויפן אַדרעס צוריק, האָט

אים אַבעל געענטפערט, אַז ער קען בלויז דעם נאָמען פון דער גאַס, אָבער ער ווייסט נישט פון קיין הויזנומער. אַליין, האָט ער צוגעגעבן, שרייבט ער קיין מאָל נישט קיין בריוו און ווען ס׳קומט אים אַ מאָל עפּעס אָן מיט דער פּאָסט, טרעפט שוין דער בריוו־טרעגער צו אים לויטן בלויזן נאָמען.

פּרץ האָט תחילת געמיינט, אַז דער מענטש פאַרגינט זיך פּשוט אַ וויץ, אָבער ער האָט סוף־כל־סוף געמוזט אַרויסגיין פאַר דער טיר און פאַרצייכענען דעם נומער פון הויז.

*

דער קלימאַט איז אין דעם קאַנט געווען אַ מילדער, און אין חודש מערץ האָט שוין אָנגעהויבן צו גרינען אַרום דעם קאַראַן. די צוויי חברים האָבן זיך קוים דערוואַרט אויף אַ פרייער שעה, צו קענען זיך אַרויסלאָזן אין שמעקעדיקן דרויסן, ווו זיי האָבן געפלעגט אַרומשפּאַצירן האַלבע טעג, איבערגעבנדיק איינער דעם אַנדערן זייערע געדאַנקען און פּלענער אויף דער צוקונפט. מער ווי אַלץ האָבן זיי אָבער גערעדט וועגן דער אַמאַליקער היים, און ס׳איז געווען מאָדנע צו טראַכטן, אַז פּונקט אויף אַזאַ אופן פלעגן זיי אַ מאָל, אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג, זיך אַרויסלאָזן אויף אַ שפּאַציר הינטערן שטעטל און חלומען צווישן זיך וועגן דער וויי־טער וועלט.

נישט מער, וואָס דאָרט האָבן די פעלדער, אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקענט דערגרייכן, זיך אויסגעשפּרייט איןביידע זייטן וועג און געמיניעט מיט זייערע קאָלירן. ס׳האָט אַרומגענומען די אומענדלעכקייט פון פרייען האָריזאָנט, וועלכער איז געווען פול מיטן געסווישטשער פון די פייגל, וואָס האָבן געזונגען אין כאָרן און געוועקט האָפענונגען ביים מענטש. ס׳האָבן זיך אַדורכגעוואָרפן סעדער מיט באַלאָדענע פרוכטביימער, לאָנקעס, אויף וועלכע ס׳האָבן זיך געפּאַשעט פאַרשיידענע מינים בעלי־

חיים, און יונגע פּערדלעך זענען אַרומגעשפּרונגען אין דער זון הירזשענדיק פֿאַר פֿרייד.

דאָ איז דאָס פֿעלד געווען ווי איינגעצוימט צווישן דעם קאַראַן און די צעוואָרפֿענע הייזער, ווו ס׳האָבן געוווינט די בעלי־מלאכות פֿון שטעטל און די קרעמערס מיט זייערע געוועלבער. ערטערווייז האָט זיך געוויזן אַן איזאָלירטער בוים, וואָס האָט זיך שוין געהאַט באַדעקט מיט פֿרישע בלעטער פֿון אַ לויטערן העל־גרין און געווען ווי אַן אויפֿמונטערונג פֿאַר די שפּאַצירנדיקע פֿריינט.

איצט האָבן זיי זיך מיט בענקשאַפֿט אומגעקערט אין געדאַנק צו זייער אַלטער היים, נישט אויפֿהערנדיק פֿונדעסטוועגן אַלץ ווייטער צו האָפֿן אויפֿן צוזאָג פֿון דער וועלט.

— די ווייטע וועלט, האָט זיך משהלע אַמסטער אַרויסגעכאַפּט מיט פֿאַרדראָס, די ווייטע וועלט — דאָס איז דאָך אונדזער באַלעבאָס אַבעל, וועלכער קען אַפֿילו נישט דעם נומער פֿון הויז ווו ער וווינט. דאָס איז אַבעל מיט זיינע שכנים, וואָס פֿון אַלע וועלט־געשעענישן אינטערעסירט זיי צום מייניסטן דער רעזולטאַט פֿון אַ פֿוטבאָלמעטש אָדער עפּעס אַ באָקסקאַמף צווישן צוויי וועלט־טשעמפּיאָנען.

— די ווייטע וועלט, זאָגט פּרץ מיט היץ, די ווייטע וועלט האָט געבראַכט שווערע קרבנות קעמפֿנדיק דערפֿאַר, אַז סיי אַבעל און זיינע שכנים און סיי מיר אַליין זאָלן האָבן אַ בעסער לעבן פֿון די, וועלכע האָבן מיט יאָרן צוריק געטאָן די אַרבעט וואָס מיר טוען היינט. וואָס שייך מיר, וועל איך קיין מאָל נישט באַדויערן די צייט וואָס איך וועל דאָ האָבן פֿאַרבראַכט. איך האָב אַ סך געלערנט און איך האָב אין די אויסהוילונגען פֿון דער ערד איבערגעלעבט מאָמענטן, וואָס איך וועל זיי קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן.

— פֿאַר מיר, האָט משהלע אַמסטער זיך אָנגערופֿן, פֿאַר

מיר איז דער אינטערעסאַנטסטער מאָמענט, ווען איך קען מיך אַריינפּאַקן אין דער אייזערנער שטייג, וואָס ברענגט מיך אַרויף אין דער הייך נאָך דער אַרבעט.

פּרץ האָט שוין אויף דעם מער נישט געענטפערט. פון לאַנג אָן האָט ער געקענט זיין יינגערן חבר און אים ליב געהאַט פאַר זיין אויפריכטיקייט. אָבער ס׳איז אים געווען ווייטיקלעך צו קאָנסטאַטירן דעם בחורס אָפּגעריסנקייט פון די מענטשן, וועלכע באַציען זיך צו אים חבריש און וואָס צווישן זיי קומט אים אויס צו אַרבעטן און צו לעבן שוין זינט אַ שפּאַר שטיקל צייט.

גיך איז צוגעפאַלן דער אָוונט. זיי האָבן זיך, שווייגנדיק, געלאָזט גיין צוריק צום קאַראַן. ס׳איז געווען צייט זיך צו גרייטן צו דער אַרבעט פון דער נייער וואָך.

## שנעל־פאָטאָגראַפן

שוין אין די ערשטע קאַרנאַוואַל־טעג זענען די בענשער גאַסן איבערפולט מיט מענטשן, היימישע און פרעמדע. אין די הינטערגעסלעך איז רואיקער, ס׳הערשט דאָרט אַן אַטמאָספער וואָס דערמאָנט פּרצן און משהלען אָן אַ חול־המועד אין זייער שטעטל. זיי לאָזן זיך דאָרט אַהין, צום אָרעמען פאָלק, הייסט עס, וועלכער איז זיך משמח מיט זייער קומען.

אַרום יעדן וואָס איז אַ בעלן זיך צו פאָטאָגראַפירן און צו באַקומען אויפן אָרט זיין בילד, מאַכט זיך אַ רעדל, וואָס וואַקסט פון מינוט צו מינוט. די מענטשן, שכנים און סתם דורכגייערס, באַגנוגן זיך נישט מיטן בלויזן צוקוקן, נאָר מען גיט עצות ווי אַזוי צו האַלטן דעם קאָפּ, מען קיבעצט און מען גיט זיך די גרעסטע מי אָנצומאַכן אַ געלעכטער דעם „פּאַציענט״. ס׳קומען מאַמעס מיט

צעשראָקענע, אויף דער גיך איבערגעטוענע קינדער אויף די הענט. דער עולם אַרום שרייט צום קינד: טו אַ שמייכל! קוק אויפן פייגעלע! ס'ועט באַלד אַרויספליען!

דאָס קינד דרייט מיטן קעפּל אין אַלע זייטן, ס'ווייסט נישט וועמען צו פאָלגן, ביז עס שיסט מיט אַ מאָל אַרויס אין אַ געוויין און כאַפּט צום סוף אַ פּליאַסק פון דער מאַמען, וואָס איז מלא רציחה, ווייל דאָס קינד האָט זי פאַרשעמט פאַר אַלע מענטשן. די אַרטיסטן — אַזוי רופט מען דאָ די פאָטאָגראַפן — באַדויערן נעבעך דאָס אומזיסט און אומנישט געשלאָגענע קינד, און ס'טוט זיי אין איין וועגס באַנג פאַרן פאַרלוירענעם „פּדיון", וועלכער איז שוין כמעט געווען ביי זיי אין די הענט.

אָבער אין טאָג פון „פּעטן דינסטיק" ווערן די זייטיקע געס־לעך אויסגעליידיקט פון מענטשן. מען פאַרשליסט טיר און טויער און אַלץ שטראָמט צו די הויפּטגאַסן און צום „גרויסן פּלאַץ", ווו ס'געפינט זיך דער ראָטהויז מיט די שטאָטעלטסטע. די „אַרטיסטן" מוזן זיך איצט, באין ברירה, אַריבערטראָגן אין צענטער פון דער שטאָט, ווו יעדער מוז אויף זיך אַרויפנעמען עפּעס אַ חפץ, וואָס דערמיט ווערט מען אַ „פאַרשטעלטער" און מען טיילט זיך נישט אויס פון כלל. מען טוט אָן אויפן קאָפּ אַ פּאַפּירן מיצל פון אַ שרייענדיקן קאָליר, צי מען טוט אָן אויף דער נאָז אַ „וואָלף", ד"ה אַ סאַמעטענע בריל אָן גלעזלעך אָדער עפּעס אַן אַנדערע צאַצקע, וואָס זאָל ווייזן, אַז מען איז מקיים די מיצווה פון פאַר־שטעלעניש און מען שטייט פון קיינעם נישט אָפּ.

ווייל דאָס דאָזיקע „געבאָט" מוז מען הייליק אָפּהיטן. ס'לויפן אַרום קנאים, ד"ה גרופּעס יוגנטלעכע, דער עיקר שוליוגנט, מיט אָנגעבלאָזענע פּענכערס אין די הענט און זיי זענען דערמיט „מכבד" די אַלע וואָס פירן נישט אויס ערלעך דעם „ווילן פון פאָלק"... די ווידערשפּעניקע כאַפּן דערביי אַריין געזונטע קלעפּ

און זיי געדענקען לאַנג די לעקציע וואָס זיי האָבן באַקומען ביי דער שימחה.

אָבער בענש איז נישט געווען דאָס איינציקע אָפּעראַציע־פעלד פון אונדזערע פריינט. עס זענען געווען, סיי אין וואַלאַניע און סיי אין פלאַנדערן, אַ סך שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָבן געפייערט יערלעך זייערע לאָקאַלע יום־טובים, קערמעסן און פאָלקס־פאַרוויילונגען, וועלכע האָבן צוגעצויגן צענדליקער טויזנטער מענטשן פון די אַרומיקע געגנטן, מענטשן וואָס האָבן געזוכט אָנטשפּאַנונג נאָך דער טעגלעכער פּראַצע אויף די פעלדער, אין די פאַבריקן און אין דער באַלעבאַטישקייט.

די אַלע המונים האָבן אומאויפהערלעך געשטראָמט דורך די גאַסן. איינצלנע האָבן זיך אַלע מאָל אָפּגעריסן פון דער מאַסע, זיך פאַרהאַלטן ביי די טישלעך, וועלכע זענען געווען אויסגע־שטעלט פאַר די טראָטואַרן וואָס האָבן געפירט צום גרויסן מאַרק, געוואָרפן אַן אויג אויף די סחורות און זיך צוגעהערט מיט אַן אָפּענעם אומצוטרוי צו די רייד פון די מאַרקפאַרערס, וועלכע האָבן גוזמאדיק געלויבט זייערע אַרטיקלען.

דער גרויסער מאַרק איז געווען איבערפולט מיט פאַרוויי־לונגס־בוידן, שיסבוידן, קאַרוסעליעס, צירקן און עפנטלעכע רעס־טאָראַנען.

אונדזערע פריינט האָט מען געקענט זען סיי דאָ און סיי דאָרט. זיי זענען, ווי די אמתע וואַנדער־הענדלערס, נישט געווען צוגע־נאָגלט צום אָרט. זייער אַרבעט האָט פאַרלאַנגט באַוועגלעכקייט. דאָס אַפּאַראַטל, וואָס האָט אויטאָמאַטיש אַרויסגעוואָרפן די בלע־כענע פּאָטאָס, האָט מען לייכט געקענט איבערטראָגן פון איין אָרט אויפן צווייטן, און יעדעס מאָל ווען ס׳איז איינגעטרעטן אַ שטי־לער מאָמענט, ווען דער אינטערעס פון עולם האָט זיך אָפּגעקילט, האָט מען געדאַרפט זיך אַריבערטראָגן מיטן אַפּאַראַטל אויף אַן

אַנדער אָרט, אָנהייבן פון דאָס ניי צו מאַכן שטימונג ביי די פרישע אַרומשטייערס, וועלכע האָבן געוואָרט אויף נייע פאַרגעניגנס.

אַ סך פון דעם אָנגעלאָפענעם עולם האָבן דאָ געשלאָסן נייע קענטשאַפטן, געלאָזט שטיין די „שאַרלאַטאַנעס" מיט זייערע „באַנימענטן", (אָפּנאַרערישע דרשות) און זיך געלאָזט צו דער ערשטער בעסטער שענק אויסצוטרינקען אַ גלעזל אויף ברודער־שאַפט מיט אַ נייעם קאַמאַראַד.

קומענדיק אין אָוונט אַהיים נאָך אַזאַן אַרבעטסטאָג אין דער פּראָווינץ האָט מען דאָס געלייזטע געלט אַרויסגעלייגט אויפן טיש, ווייל אַלץ האָט געדאַרפט אַריינגיין אין דער בשותּפותדיקער קאַסע, וועלכע האָט יעדן פון דער חברותא באַזאָרגט מיטן נייטיקן, און נאָך דעם ווי מען האָט געמאַכט דעם אַרבעטספּלאַן פאַרן מאָר־גנדיקן טאָג, האָט מען זיך אין די צוויי שכנותדיקע בוידעמשטיבלעך געלייגט שלאָפן מיט זיסע האָפענונגען אויף שפּעטער.

נישט לאַנג זענען זיי, פּרץ און משהלע, געווען די איינציקע פאַרדינערס אין דער חברותא.

אין איינעם אַן אָפּרוטאָג האָט אסתר זיך איינגעשפּאַרט, אַז מהיום והלאה וועט זי מער נישט זיצן און וואַרטן ביז מען וועט איר ברענגען די פּרנסה אין שטוב אַריין. זי קען, האָט זי געטענהט, אויסלערנען די מלאכה אין איין טאָג און אַריינטראָגן איר חלק אין דער בשותּפותדיקער קאַסע.

אויף איר קוקנדיק האָט זיך אויך רחלע, משהלע אַמסטערס חברטע, געבונטעוועט: וואָס איז זי עפּעס אַ שלימזלניצע, וואָס טויג צו גאָרנישט? זי וועט, האָט זי פאַרזיכערט, אויסלערנען די „קונסט" נאָך גיכער ווי אסתר... און זאָל מען איר נאָר געבן אַן אַפּאַראַט אין דער האַנט אַריין, וועט מען זען אַז זי וועט אויפטאָן צום ווינציקסטן אַזוי פיל ווי די אַנדערע.

סיי פּרצן און סיי משהלען איז דער אויפטו אויסגעקומען משו־

נה־ווילד. אסתר און רחלע זענען נאָך געווען כמעט קינדער, ערשט נאָר־וואָס געקומען פון וואָרעמע היימען, ווו מען האָט איבער זיי געציטערט. אסתר איז ערשט אַלט געווען קוים ניינצן יאָר, איז געווען אין לעבן אומדערפאַרן און געקוקט אויף דער וועלט מיט קלוגע, אָבער צעשראָקענע אויגן, אין וועלכע ס׳איז געלעגן, צוזאַמען מיטן גלאַנץ פון ווייבלעכער אַריסטאָקראַטיע, דער תמי־מותדיקער גלויבן אין דער מענטשלעכער דערהויבנקייט. אין גאַס פלעגן די דורכגייערס, אַפילו פרויען, זיך אָפּשטעלן איבערראַשטע פון איר רואיקער שיינקייט.

רחלע האָט מיטן קינדערישן אויסדרוק אויפן פּנים, שטילן רעדן און צוריקגעהאַלטנקייט אין די זשעסטן דערמאָנט אָן אַ רבנישער טאָכטער. ס׳איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלן די צוויי עטערדיקע באַשעפענישן אין מיטן דעם טומל פון אַ בגילופינדיקן המון. אָבער זיי האָבן זיך ביידע געהאַלטן ביי זייערס, די עקשנות האָט גובר געווען און די מאַנסםאַרשוינען האָבן געמוזט נאָכגעבן, כאָטש נישט מיטן גאַנצן ווילן.

*

אַ מאָל, אין אַן אינדערפרי, האָט דער בריוטרעגער געבראַכט אַ קאַרטל פון אַן אַלטן חבר פון פוילן, אין וועלכן יענער האָט מודיע געווען וועגן זיין קומען קיין בעלגיע. ער האָט, דרך אגב, צוגעגעבן צום סוף, אַז ער איז זיכער צו געפינען, אַ דאַנק זייער הילף, עפּעס אַ פאַסיקע פּרנסה. ס׳איז געווען קלאָר, אַז־עס קומט צו אַ נייער מיטגליד אין דער חברותא, בפרט אַז יצחק גרין, אַזוי האָט דער חבר געהייסן, איז געווען פון פאַך אַ פאָטאָגראַף. ער וועט אפשר, האָט מען צווישן זיך געשמועסט, אויפטאָן זאַכן אין דער אַרבעט וואָס וועלן אַלעמען ברענגען נוצן.

אַ וואָך שפּעטער האָט ער זיך „צוגעשטעלט". ס׳איז געווען ווינטער, ווען דער סעזאָן פון די קערמעסן און פאָלקס־יום־טובים

האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעשטעלט און מען האָט זיך אָנגעהויבן צו גרייטן צום ערב־פּרילינג, ווען ס׳קומט אָן די צייט פון די קאָרנאַ־וואַלן. דערווייל איז מען געזעסן פּוסט־און־פּאַס אין איינעם פון די צוויי בוידעמשטיבלעך איבער אַ זעקסטן גאָרן פון אַ היב־טערשטאַטיש הויז.

ס׳האָבן דאָרט געוווינט די צוויי פּאָרפעלקער, וועלכע זענען פון אַלע באַטראַכט געוואָרן ווי די גרינדערס פון דער נייער באַשעפטיקונג און אַרום וועמען ס׳האָבן זיך גרופּירט די וואָס זענען שפּעטער צוגעקומען צו דער דאָזיקער פּראָפעסיע.

אין אַזאַ ווינטערדיקן טאָג פון „ערב־זמנים״ האָט מען באַלד אָנגעהויבן די שמועסן, וועלכע האָבן זיך געצויגן ביז מיטאָג. יצחק גרין, אַ געוויקסיקער פאַרשוין מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר און אַש־גרויע אויגן איז געווען דער איינציקער אין דער גרופּע וואָס האָט נישט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ ייד. דאָס האָט אים, ווי ער האָט שמייכלענדיק איבערגעגעבן, פאַרשפּאָרט אין פּוילן אַ סך צרות. ער איז צווישן די חברים דווקא אָנגעגאַנגען ווי אַ שטיק אַסימילאַטאָר, געהאַלטן אַז יידן גיבן זיך נישט גענוג אָפּ מיט דער פּוילישער קולטור, שפּראַך, היסטאָריע אאַ״וו. איצט האָט ער אין זיינע געשפּרעכן אָפּט איבערגעחזרט, אַז פּוילן איז אויפ־געשטאַנען תחית־המתים, כדי אַנדערע צו באַגראָבן...

דער הייסער באָרשט, איבערגעשלאָגן מיט זויערטייג, וואָס אין דער היים האָט מען אים גערופן „זשור״ אָדער „פּאָלליעווקע״, איז דערווייל פאַרטיק געוואָרן. מען האָט זיך אויסגעזעצט אַרום טיש און, פאַרבראָקט מיט שטיקער ברויט, געגעסן מיט אַ געוואַל־טיקן אַפּעטיט.

דאָס איז אָבער נאָר געווען ביז אָקעגן ניי־יאָר. ביז דעמאָלט זענען נאָך געווען אַ ביסל רעזערוון פון די זומערדיקע פאַרדינסטן, וועלכע האָבן נישט געקענט קלעקן אויף אַ גאַנצן ווינטער. זענען

טאַקע אָנגעקומען שווערע טעג ווען ס׳האָט פּשוט אויסגעפעלט אויף ברויט.

אין אַזעלכע טעג פלעגן אונדזערע פריינט זיך אַרויסלאָזן אין די בריסעלער הינטערגעסלעך אין די שעהען ווען די שילערס קומען אַהיים פון דער שול, די „אַרטיסטן" פלעגן אָפּשטעלן די גרעסערע קינדער, זיי פאָטאָגראַפירן, מיטגיין מיט זיי אַהיים און אָנבאָטן די עלטערן צו קויפן דאָס בילדל פון זייער קינד.

מילא, דער רעזולטאַט איז שוין געווען „ביי גאָט אין דער האַנט", אָבער אַקעגן פאַר נאַכט האָט זיך אָנגעקליבן אַ ביסל געלט און מען איז קיין מאָל נישט אַהיים געקומען מיט ליידיקע הענט.

*

צו דער פּראָפעסיע איז שפּעטער צוגעקומען יהודה קרול, אַן עלטערער בחור, הויך און דאַר, מיט גלויביקע אויגן. ער איז געקומען פון שאַרלערואַ, וווּ ער האָט צוויי יאָר געאַרבעט אין די קוילן־גרובנס, ער איז געווען אַן אויסטערלישער קמצן. מען האָט דערציילט, אַז אין קוילן־גרובן, וווּ ס׳איז איינגעפירט אַז נאָך דער אַרבעט שטעלט זיך יעדער אַוועק אונטערן דוש אָראָפּצוואַשן פון זיך דעם קוילנשטויב וואָס עסט זיך איין אין דער הויט, האָט ער, מחמת קאַרגשאַפט, נישט באַנוצט קיין זייף, טענהנדיק אַז דאָס איז אַן איבעריקע זאַך, ווייל וואַשן, האָט ער דערקלערט, וואַשט מען זיך דאָך סיי ווי, נאָר וואָס דען? אַן זייף מוז מען שטיין אונטערן וואַסער אַ ביסל לענגער? איז מילא — האָט ער אויס־געפירט — אויף דעם האָב איך גענוג צייט...

ער האָט נאָך אין שאַרלערואַ זיך דערוווּסט, אַז אין בריסל האָט זיך באַוויזן אַ נייע פּראָפעסיע, וואָס מען דאַרף דערביי קיין סך נישט איינשטעלן, מען קען אַרבעטן אויף אייגענער האַנט און נישט זיין אָפּהענגיק פון קיינעם.

זיין אַ באַלעבאָס פאַר זיך, — דאָס איז ביי אים געווען אַן אַלטער

חלום נאָך פון דער היים, אַ הויכער אידעאַל, וועלכן ער האָט באַזונדער אויסגעקעכלט אין פאַרלויף פון די פיר־און־צוואַנציק חדשים וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער קוילן־מינע, ווו ער איז כסדר געווען אונטערגעוואָרפן דעם פּאַריאַן, שוין נישט רעדנדיק פון די ביוראָלייט, וואָס פאַר אַ ליאַדע עפּעס, ווי למשל, פאַר שטעלן זיך צו דער אַרבעט אָן דער אייזערנער קאַסקע אויפן קאָפּ, לייגן זיי אויף אייך אַרויף אַ געלטשטראָף, וועלכע ווערט ביי דער ערשטער אויסצאָלונג אַראָפּגערעכנט פון אייער שווער־פאַרדינטן לוין.

אויך ער, יהודה קרול, האָט נאָך אַ לאַנגן יישוב־הדעת זיך באַשלאָסן אויסצוגעבן „לעבעדיק״ געלט און קויפן אַן אַפּאַראַט מיט די ערשטע נייטיקע מאַטעריאַלן. ער איז, פאַרשטייט זיך, נישט צוגעשטאַנען צו דער קאָמונע, זיך געהאַלטן באַזונדער. אַזוי, האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין, ווערט אונדזער פריינטשאַפט לענגער האָבן אַ קיום. אָבער ער איז פון צייט צו צייט געקומען „הערן אַ יידיש וואָרט״, הערן אַ מאָל פרצן זינגען אָן אַריע פון פאַוסט אָדער קאַרמען, און הגם ער האָט קיין מאָל נישט גענומען קיין אָנטייל אין די שמועסן וועגן קונסט, ליטעראַטור און פּאָליטיק, האָט ער אָבער אָפּט געפּלעגט אַריינוואַרפן אַ קלוג וואָרט, וואָס ער האָט געהערט פון זיין פאָטער דעם דאָרפסגייער. די אַפּאָסטראָפן זיינע זענען שטענדיק געווען שכלדיק און אויפן אָרט, זיי האָבן געשמעקט מיט דער געזונטקייט פון רויער ערד און געצוווּנגען דעם צוהערער זיך צו פאַרטראַכטן.

אַ תמימותדיקער מענטש, האָט ער מיט זיין פרומען בליק אויסגעזען ווי אַ גרויס־געוואַקסן קינד. ער איז געווען דער איינציקער פון דער חברה וואָס האָט זיך נישט פאַרשטאַנען אויף קיין וויץ. איין מאָל, ווען ס׳האָט אים עמעצער געהאַט אָפּגעטאָן עפּעס אַ שפּיצל פון וואָס דער עולם האָט געלאַכט, האָט ער זיך צעבייזערט בזה הלשון:

— איך האָב תמיד געהאַט צו איך דעם פולסטן צוטרוי, ווייל איך האָב געזען, אַז איר גייט דאָ אַרום גאַנצע טעג זינגענדיק אַריעס פון דער אָפּערע, ווער האָט זיך אויף איך געקענט ריכטן, אַז איר זענט פון די לייט, וואָס טוען אַרנטלעכע מענטשן אָפּ שפּי־צלעך און מאַכן זיי צום נאַר?!

*

ביסלעכווייז האָט זיך די משפּחה פאַרגרעסערט. ס׳איז געקומען פון פּאַריז משהלע אַמסטערס שוועסטער האַלאַ, אַ מיידל מיט שוואַרץ־גלאַנציקע האָר פאַרקעמטע אין אַ גרעק. ס׳איז געלעגן אַ שטילע פרומקייט אויף איר פּנים, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַרויס־גענומען פון דער „צאינה וראינה״. צוזאַמען מיט איר איז געקומען סאַשאַ, אַ רוסישער ייד אַ שרייבער, וואָס איז מגולגל געוואָרן, מען ווייסט נישט ווי אַזוי, קיין פראַנקרייך באַלד נאָך דער רעוואָ־לוציע. ס׳האָט אים געפעלט די לינקע האַנט, וואָס ער זאָל האָבן פאַרלוירן אין רוסישן בירגערקריג. ער איז געווען בערום ובחוסר כל און קיינער אין דער חברותא האָט קיין מאָל נישט געקענט זיין פאַמיליע־נאָמען, אָבער מען האָט סיי אים און סיי האַלאַן באַ־זאָרגט מיט פּאָטאָ־אַפּאַראַטן. מחמת דעם וואָס סאַשאַ איז געווען אַ בעל־מום, איז מען אין אָנהייב מיט אים געווען אומזיכער און עמעצער פון דער חברה האָט אים צוגעהאָלפן אין דער אַרבעט, אָבער ס׳האָט זיך גיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער טויג זיך נישקשהדיק אויס אין דער מלאכה.

ס׳האָט זיך דערנאָך צוגעשטעלט בערל פראַנק, וועלכער האָט זיך נישט געקענט איינלעבן מיט די פּאַריזער שניידער־פּאַטראָנען, מיט יעדן פון זיי זיך צעקריגט נאָכן אַרבעטן אַ וואָך־צוויי און צום סוף חודש נישט געהאַט צו באַצאָלן קיין דירה־געלט.

שפּעטער אַ ביסל איז אויך צוגעקומען צו דער פּראָפעסיע

ישראל גוטערמאַן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט אין אַ בריסעלער מעטאַל־פאַבריק אויסקלייבנדיק אַן אַרבעט אויף דער פרייער לופט.

איצט האָט שוין יעדער געאַרבעט אויף אייגענער האַנט, אָבער אין די פרייע טעג האָט מען זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף אַן אונטער־נעמונג אין קולטור־פאַראיין, ווו מען האָט אויך אָפט מאָל געשפּילט אַ שאָך און צו ביסלעך געמאַכט קענטשאַפט מיט נייע פריינט.

אין שטאָט האָט מען זיי גערופן „די קאַטערינשטשיקעס". מען האָט דאָס אַרויסגעזאָגט אָן אַ שלעכטער כוונה און דערביי גוט־מוטיק צוגעשמייכלט. אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז יצחק גרין, למשל, פאָרנדיק אין דער באַן אויף אַ קערמעס, נעמט ער זיך מיט אין וועג אַריין די נייטיקע ביכער און שטודירט „דערווייל" אויף אינזשעניר־כעמיע. דער בחור האָט נאָך אין פּוילן געשמט פאַר אַן עילוי און אַ מתמיד דערצו, און איצט, האָט מען געשמועסט, פעלט אים שוין נישט קיין סך זיך צו שטעלן צום עקזאַמען. סאַשאַ איז געווען אַ באַקאַנטער יידיש־רוסישער דיכטער, און בערל פראַנק האָט נישט לאַנג נאָך זיין אָנקומען גענומען איינרעזשיסירן מיטן בריסעלער דראַמקרייז ה. לייוויקס „הירש לעקערט". פּרץ, וועלכער האָט דער ערשטער געהאַט דעם איינפאַל פון דער נייער פּראָפעסיע און וואָס דערפאַר האָט מען אים אין שטאָט גערופן „דער זיידע פון די קאַטערינשטשיקעס", האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרעפנט־לעכט זיינע אַרבעטן אין פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס און זיך געגרייט צו אַ זשורנאַליסטישער קאַריערע.

זיי זענען אַלע געווען ווי אַ מין אַטראַקציע פאַר דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט געזוכט מיט זיי צו פאַרקניפּן נעענטערע קענטשאַפטן. אויף אַ קולטור־אונטערנעמונג האָבן זיי געפלעגט זיך באַווייזן „אַן בלאָק" און צוליב זייער בכבודיקער צאָל, און אויך מחמת דעם וואָס זיי האָבן זיך תמיד באַטייליקט אין די דיסקוסיעס,

האָט זיך אָפּט מאָל געוועגדט אין זיי, אַז אַ קולטור־אימפּרעזע זאָל געלינגען.

## אַ היימישע שימחה

אין אַ ווינטערדיקן טאָג, ווען די אַרבעט ביי אונדזערע פריינט איז אָפּגעשטעלט און אַלע וואָס האָבן אַ שייכות צו דער פּראָפעסיע האָבן פרייע צייט, איז אין בוידעמשטיבל פונעם זעקס־גאָרנדיקן הויז הינטער דער שטאָט געווען וואַרעם און היימלעך. אַחוץ דער עלעקטרישער באַלייכטונג פון אַלע טאָג האָט מען אָנגעצונדן אויף די טישן ליכט, וועלכע האָבן עדות געזאָגט אויף דער פייערלעכקייט פון דער היינטיקער געשעעניש. דאָס צימערל האָט קוים געקענט אַריינגעמען די גרויסע צאָל געסט, אַלטע און נייע פריינט, וועלכע זענען געקומען בייוווינען די חתונה־צערעמאָניע פון די צוויי פּאָרלעך וואָס זענען געגאַנגען פאַרבינדן זייער גורל אויפן גאַנצן לעבן. דאָס זענען געווען די זיווגים פון פרצן מיט אסתרן און פון משהלען מיט רחלען.

שלמה ראַדזינער, אַ באַיאָרטער מענטש, וואָס איז אַריינגעקומען אין דער פּראָפעסיע ערשט אין דער גאָר לעצטער צייט, איז געווען אַ טראַדיציאָנעלער ייד. ער האָט אין דער „חברה תהילים" געדאַווענט פאַרן עמוד און איז שטענדיק געווען גרייט צו טאָן אַ טובה אַן אייגענעם מענטש. ער האָט זיך נעמלעך אָנגעבאָטן אַדורכ־צופירן די צערעמאָניע כדין וכדת. און נאָך דעם ווי די צוויי כתובות זענען דורך אים געוואָרן אויסגעשריבן און אונטער־געצייכנט פון די עדות, האָט מען איבער די קעפּ פון חתן־כלה, אַנשטאָט אַ חופּה, אויסגעשפּרייט אַ פאַטשיילע און דער מסדר קידושין האָט אַלץ אַדורכגעפירט על צד היותר טוב.

מען האָט זיך געווונטשן מזל־טוב, זיך הייס צעקושט מיט די

יונגע פאָרפעלקער און גענומען צו גלעזלעך. דער עולם, אַריינגע־רעכנט דעם מסדר קידושין, איז גיך געוואָרן בגילופין און ס׳איז געקומען די ריי אויפן „ערן־קאַטערינשטשיק״ גדליה קאַראַליצקי, וואָס איז געווען איינער פון די אַלטע מיוחסים אין בעלגישן יישוב און האָט מער פון אַלע אַנדערע תושבים אַרויסגעוויזן אַן אינ־טערעס פאַר דער גרופּע שנעל־פאָטאָגראַפן, זיך איינגעלעבט מיט זיי פונקט ווי ער וואָלט אַליין געווען איינער פון דער חברה און געווען מיט זיי אויסגעבונדן מכמה יאָרן.

ער איז געווען אַ געבוירענער אין בעלגיע. אַ שלאַנקער בחור מיט אַ ברייטן רבנישן שטערן און שאַרפע שטריכן אויפן פּנים, האָט ער אויפן ערשטן בליק אַרויסגערופן יענע פרעמדקייט, וואָס שטעלט זיך אַוועק צווישן אַ פּוילישן און אַ מערב־אייראָפּע־ישן ייד ביי דער ערשטער באַגעגעניש. אָבער זייער גיך איז געקומען די דערנענטערונג און ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן זיין וואַרעם יידיש געפיל. דערצויגן אויף דער פראַנצייזישער קולטור, איז פונדעסטוועגן אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו יידישקייט אים געווען נאָענט און אייגן. זייענדיק אַ מיטאַרבעטער אין אָרגאַן פון דער בעלגיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „לע פּעפּלע״, האָט ער אויך רעגולער געשריבן זיינע אַרטיקלען אין דער אַנטווערפּענער „יידישע פּרעסע״, אין בריסעלער „אונדזער יישוב״ און אַנדערע יידישע אויסגאַבעס.

איצט, ווען די אָפיציעלע צערעמאָניע איז געווען פאַרענדיקט, האָבן אַלע איינשטימיק אויסגעקליבן גדליהן, אַז ער זאָל איבער־נעמען דעם פאָרזיץ.

אין זיין דאַנקוואָרט פאַרן אַרויסגעוויזענעם כבוד האָט ער אַרויסגעהויבן די חשיבות פונעם אָוונט, וועלכער האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט „פּייערלעך זיך אָנצושליסן אין די ניי־געקומענע יידן פון די מיזרח־לענדער, אַזוי ווי יוסף וואָס האָט זיך באַקענט צו

זיינע ברידער. מיר. יידן פון מערב־אייראָפּע, האָט ער געזאָגט, זענען מער פון אייך פאַרבונדן מיט דער אייראָפּעישער קולטור, אָבער איר ברענגט מיט זיך אייער וווּנדערלעכע וויטאַליטעט, אייער חסי־דישן ברען, די אינטימע צובאַהאָפטנקייט צום פאָלק און דעם הייסן דראַנג צו שאַפן אַ בעסער און שענער לעבן״.

„ס׳איז אייך אויסגעקומען צו שוואַרצן גרענעצן און, ווי פאַר־ברעכערס, אויפצוהאַלטן זיך אין לאַנד אומלעגאַל; איר האָט געטאָן שווערע אַרבעטן אין די קוילן־גרובנס, ווען אייער אָרט איז גאָר געווען אויף די בענק פון דער אוניווערסיטעט; איר טוט אַן אַרבעט, וועלכע איזביים קליינבירגער פאַררעכנט פאַר אַ מלאכה בזויה, אָבער איר באַווייזט דורך אייער ביישפּיל אויף ווי ווייט דער באַגרענעצטער פיליסטער בלייבט הינטערשטעליק לגבי דעם מענטש מיטן שטאַרקן כאַראַקטער״.

„שווערע צייטן האָט איר אַדורכגעמאַכט אין לאַנד וואָס האָט אייך אַדאָפּטירט, אָבער שוין איצט זענען אַ טייל פון אייך אויפן וועג צו דערגרייכן צו די פרייע פּראָפעסיעס און צו ווערן אָנער־קענטע און ניצלעכע אינטעלעקטואַלן״.

נאָך דעם ווי יעדער האָט גענומען אַ וואָרט צו באַגריסן די העלדן פון טאָג, איז געקומען די איבערראַשונג וואָס דער פּאָרזיצער האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר דער שימחה. דאָס איז געווען אַ פּאַראָדיע אויף אַ פּאָפּולערן „שלאַגער״ וואָס איז צו יענער צייט געווען שטאַרק באַקאַנט אין לאַנד.

אין דער פּאַראָדיע וואָס גדליה קאַראָליצקי האָט אָנגעשריבן אויף דער מוזיק פונעם אָריגינאַל האָט ער מיט אַן עכטן הומאָר „באַאַרבעט״ די הויפּטהעלדן פון דער חברותא. דער עולם האָט גיך איבערגענומען דעם טעקסט פון רעפריין, בשעת דער מחבר האָט געזונגען די קופּלעטן. גדליה האָט מיט ברייטע זשעסטן דיריגירט

דעם אימפּראָוויזירטן כאָר און די געלעכטערס האָבן, ווי מוזיק־אינסטרומענטן, אַקאָמפּאַנירט די געזאַנגען.

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען אַזוי משמח געווען חתן־כלה. מען האָט געזונגען, רעציטירט און געהאַלטן רעדעס ביזן ווייסן טאָג אַריין.

*

אויף צו מאָרגנס זענען אַוועקגעגאַנגען בריוו צו די עלטערן פון ביידע בייע פאָרפעלקער מיט דער פריילעכער בשורה. אין שטאָט האָט מען נאָך לאַנג גערעדט וועגן דער געשעעניש. פרומע יידן האָבן געהויבן מיט די פּלייצעס און אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט מיט די משונהדיקע גענג פון די „היינטיקע". נאָך וואָס, האָבן זיי געטענהט, איז דאָ אַ מרא דאַתרא אין דער קהילה? די אויפגעקלערטע, ווידער, האָבן געהאַלטן, אַז היינטיקע צייטן קען מען לעבן פריי און מען דאַרף אין גאַנצן נישט אָנקומען צו די מיטלען, וועלכע זענען נישט מער ווי אַ פּשרה־מאַכעריי מיטן פאַנאַטיזם.

# אַ פּלאַש אויפֿן וואַסער

פּ. ש.

דאָס איז געווען נישט לאַנג נאָך דעם ווי אברהם, אַ נאָענטער חבר פון שמעונען, איז אין אַ זומערדיקער נאַכט באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד.

דער געדאַנק וועגן אויספירן אַזאַן אַקט האָט אברהמען שוין פאַרפאָלגט זינט יאָרן און ער האָט נישט געמאַכט דערפון קיין סוד. עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכע סיבה האָט ביי אים אַרויסגערופן אַן אומטעם צום לעבן, אָבער קיינער האָט נישט געגלייבט, אַז דער בחור, וואָס איז געווען פול מיט לעבנסלוסט, זאָל דאָס טאַקע מיינען אויף אַן אמת.

ער האָט זיך אַפילו געהאַט פאַרטרויט פאַר זיינע חברים, אַז אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל פון דער פאַבריק, ווו ער האָט געאַרבעט, ליגט אויסבאַהאַלטן אַ רעוואָלווער מיט וועלכן ער מאַכט אָפּט איבונ־גען, כדי צו קענען ווי געהעריק זיך אומגיין מיטן דאָזיקן מכשיר. אָבער כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז אברהם זאָגט קיין מאָל נישט קיין ליגן האָט מען אים דאָך נישט געגלייבט.

אַ געזונט־געבויטער, מיט אַן ענערגיש פּנים און אַנטשלאָסענע, כאָטש האַמעטנע באַוועגונגען, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ דאָרפסמענטש וואָס איז צוליב עפּעס אַ סיבה אַריינגעפאַלן אין טומלדיקן הו־האַ, אָבער באַלד באַוויזן איבערצונעמען די גרויס־שטעטישע מאַנירן.

אברהם איז מיט עטלעכע יאָר געווען עלטער פון שמעונען און גוט געקענט דאָס לעבן, אָבער זיין דערפאַרנקייט האָט מיט גאָרנישט

געמינערט די אידעאַלע ריינקייט פון זיין נאַטור און פאַר שמעונען איז ער געווען אַ וועגווייזער פון ערלעכקייט און מוט.

ער איז געקומען פון אַן אָרעמער משפחה. גאַנץ פרי, נאָך זייענדיק אַ קינד, האָט ער פאַרלוירן זיין פאָטער און צו צען יאָר איז ער געווען געצוואונגען צו גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק, כדי צו דערנערן זיין מאַמע, די אלמנה, און זיין קליין שוועסטערל, פאַר וועמען ער האָט איצט געדאַרפט זיין אַ פאָטער.

די פאַבריק ווו מען האָט אויסגעאַרבעט שטיקערייען איז געווען אויסגערעכנט צו באַניצן ביליקע הענט. ריכטיקע בעלי־מלאכות זענען דאָרט געווען ווייניק, אָבער יעדער פון זיי האָט געמוזט האָבן עטלעכע „פעדלערס", וועמענס אַרבעט איז באַשטאַנען אין איינפעדלען די נאָדלען וואָס דער שטיקער האָט געמוזט האָבן גרייט ווען א דרים האָט זיך איבערגעריסן אין דער מאַשין. די דאָזיקע אויפגאַבע איז געווען זייער אַ פשוטע און עס זענען ביי איר געווען באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל מינדער־יעריקע.

טאָג־טעגלעך, חוץ שבת און יום־טוב, איז אברהם אויפגעשטאַנען פאַרטאָגס, אָפּגעפרעפּלט אויף גיך דאָס דאַוונען, געכאַפּט אַ שטיק ברויט אין טאַש אַריין און געלאָפן אין דער פאַבריק אויף אַ זעכצן־שעהעדיקן אַרבעטסטאָג. אין אָוונט איז ער איינגעשלאָפן ביים טיש מיטן ביסן אין מויל.

צוליב דעם טעם איז ער ווייטער פון חדר נישט געגאַנגען. אָבער זייענדיק דורשטיק נאָך וויסן האָט ער זיך פרי געכאַפּט צום לייענען, און זינט ער איז געוואָרן אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער און אָנגעהויבן צו אַרבעטן אויף דער מאַשין האָט ער זיך איינגעאָרדנט צו האָבן מער פרייע צייט און געלייענט אַלץ וואָס האָט זיך געדרוקט אין יידיש. ער האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר אַ טאַלאַנטפולן רעדנער און איז געוואָרן איינער פון די פאָפּולערסטע יונגע־לייט אין דער שטאָט.

גייענדיק אין גאַס מיט זיין פעסטן טראַט, קוקנדיק פאַר זיך מיט זיין פאַרחלומטן, אָבער דרייסטן בליק, האָט ער מיט דער לייכטער ברוינקייט אויף זיינע באַקן אויסגעזען שיער נישט ווי אַן אינדישער פרינץ, און פרויען האָבן געפלעגט פאַרלאַנגזאַמען דעם טראָט אַדורכגייענדיק פאַרביי אים.

אָבער אין דער סביבה האָט מען געוווּסט, אַז אין זיינע סענטימענטאַלע איבערלעבונגען איז ער נישט געווען גליקלעך. ער איז געווען פאַרליבט אין אַ גימנאַזיסטקע פון העכסטן קלאַס, אַ זעלטענע שיינקייט, וועלכע האָט אויך ליב געהאַט זיך מיט אים צו טרעפן, נאָר זיין אָפּשטיין פון איר אין בילדונג איז געווען זייער דראַסטיש און האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. ער איז טאַקע געווען, ווי מען רופט דאָס, אַ שיין־שמועסער, אָבער זייערע געשפּרעכן האָבן זיך געמוזט פירן אין צוויי שפּראַכן. זי האָט, נעמלעך, נישט גערעדט אַנדערש ווי פּויליש, און ער — יידיש, ווייל אין קיין שום אַנדערער שפּראַך האָט ער זיך נישט געקענט פריי אויסדריקן.

דער דאָזיקער צושטאַנד, וואָס האָט כסדר אָנגעוויזן אויף זיין הינטערשטעליקייט לגבי איר, האָט זיך צווישן זיי אַוועקגעשטעלט ווי אַ וואַנט. זיין איינגעבוירענער שטאָלץ האָט פון דעם שטאַרק געליטן און ס'האָט זיך ביי אים געשאַפן אַ קאָמפּלעקס, וועלכער האָט אים דערפירט צו האָבן אַ ווידערגעפיל צו געבילדעטע מענטשן. ער האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ טעאָריע, לויט וועלכער ס'איז אויסגעקומען, אַז די געבילדעטע לייט טויגן בכלל נישט. זיי לייגן געוויכט, האָט ער אַרגומענטירט, אויף זאַכן וואָס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט דער אמתער לעבנס־חכמה און זיי האַלטן זיך גרויס לגבי די, וועלכע דרינגען אפשר טיפער פון זיי אַריין אין די מענטשלעכע פּראָבלעמען, אָבער צוליב זייער סאָציאַלער לאַגע האָבן זיי נישט געקענט צוקומען צו קיין אָפיציעלער ביל־

דונג. דער עיקר פאַרן מענטש, האָט ער אויסגעפירט, איז דאָס וואָס ער לערנט ביים לעבן גופא און נישט וואָס ער לערנט זיך אויס צו קענען אָנרופן אַ הונט אין זיבן שפּראַכן.

אין דעם קליינעם קרייז פון זיינע חברים איז ער געווען אַן אויטאָריטעט און ס׳האָט געמוזט אויסזען זייער משונהדיק, ווען אַ גרופּע יוגנטלעכע, געראָטענע און פּעיִקע יינגלעך און מיידלעך, האָבן זיך צונויפגעטראָפן הינטער דער שטאָט אויף דער פרייער נאַטור און דאָרט, אונטער זיין אימפּולס, געפירט שמועסן וועגן דער פראַגע, צי ס׳איז יאָ אָדער נישט כדאי זיך צו נעמען דאָס לעבן.

זיי האָבן אַרומשפּאַצירט אויף די פעלדער, ווו די רייף געוואָרענע תבואה איז אויפגעגאַנגען שפּעדיק און פאַרשמעקט די לופט; דער מענטש האָט זיך קוים אַרויסגעזען צווישן די זאַנגען, ווו ס׳האָבן זיך דאָ און דאָרט אַדורכגעוואָרפן פרישפאַרביקע פעלד-בלימלעך; דער הימל האָט זיך אויסגעשפּרייט מיט אַן ענדלאָזער מילדקייט און ווי גערופן צו געניסן פון דער ברייטגיביקייט פון דער נאַטור.

און דאָ האָט אַ בחור אין זיין בליענדיקן עלטער זיך געגעבן די גרעסטע מי אויפצוקלערן זיינע נאָענטסטע פריינט, אַז דאָס לעבן איז נישט ווערט געלעבט צו ווערן, געשילדערט בילדעריש די אַנטוישונגען, וואָס וואַרטן אויפן מענטש, מאָראַלישע און פיזישע מאַטערנישן, אומגערעכטיקייטן, וואָס מען מוז אַריבערטראָגן זייענדיק אַליין געצוווּנגען זיי צו באַגיין לגבי אַנדערע, טעאָריעס, וואָס אַ דאַנק זייער קונציק אויפגעבויטער קאָנסטרוקציע איז דער עולם נישט מיד געוואָרן צו הערן.

ער האָט זיך שפּעטער אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ גרופּע, וואָס זאָל זיך שטעלן פאַר אַ ציל בחברותא צו זאָגן דעם

לעבן אַ „זיי געזונט!", זעענדיק אין אַזאַ קאָלעקטיוון אַקט אַ סך מוט און מענטשן־ווערדע.

זיינע שמועסן האָבן שטענדיק אויסגענומען אין דער סביבה נישט בלויז צוליב דער שאַרפזיניקער אַרגומענטאַציע, נאָר אויך אַ דאַנק דעם וואַרעמען טעמבער פון זיין שטים, אָבער דאָס אַלץ איז געוואָרן אויפגענומען ווי אַן אינטערעסאַנטער עסיי וועגן דעם פּראָבלעם פון לעבן און טויט, באַהאַנדלט פון אַ געשיקטן רעדנער וועמענס אויספירן זענען קיינעם צו גאָרנישט מחייב.

נאָר איין מאָל, אין אַ פאַרטאָג, שמעון איז ערשט נאָר־וואָס געווען אויפגעשטאַנען פון שלאָף, איז עמעצער געקומען זאָגן, אַז די נאַכט האָט אברהם זיך געשאָסן אין דעם שפּאַציראָרט סטרזשעלניץ הינטערן שטאָטפּאַרק און אַז ער געפינט זיך איצט אינעם מתים־שטיבל אויפן בית־עולם.

שמעון האָט אים דערנאָך געזען דורכן פענצטער פון דעם טונקעלן שטיבל. אַברהם איז דאָרט געלעגן אין זיין וואָכעדיקן אָנטועכץ אויף אַ לאַנגן טיש מיט די פיס צום פענצטער. זיין קאָפּ האָט זיך פאַרלוירן אין קאַרגן ליכט פון דער קעגנאיבערדיקער זייט און זיין לינקע האַנט איז געווען געביילט אין אַ פויסט...

דאָס דאָזיקע בילד האָט זיך מער קיין מאָל פון שמעונען נישט אָפּגעטאָן, אַרויסרופנדיק ביי אים עפּעס ווי אַ שולדגעפיל לגבי זיין אומגליקלעכן חבר. ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס וואָס מען האָט געהאַלטן פאַר אַן אָנשטעל און אַ טעמע פון אַ רעפעראַט איז טאַקע געמיינט געוואָרן אויף אַן אמת. אברהם האָט קיין מאָל נישט געוווּסט פון קיין פּאָזע און ער איז אַוועק פון דער וועלט אַזוי ווי ער האָט דאָס פריער ערלעך געהאַט אָנגעזאָגט.

און ווייל שמעון האָט ווייניקער פון אַנדערע גענומען ערנסט אברהמס אויספירן, האָט אים די מאָנסטער־געשעעניש געטראָפן שווערער ווי די איבעריקע פון דער סביבה. ווי אין אַ קאָשמאַר,

האָט זיך אים כסדר געדאַכט, אַז ער הערט אַ מאָנענדיקע שטים פון עמעצן, וואָס פאָדערט ביי אים צו האַלטן אַ צוזאָג וואָס ער זאָל אַ מאָל האָבן געגעבן...

*

אין דעם קרייז פון נאָענטע מענטשן האָט שמעון דעמאָלט זיך אָנגעטראָפן אויפן טויט שוין צום צווייטן מאָל, און כאָטש די ביידע אומגליקן האָבן צווישן זיך קיין דירעקטע שייכות נישט געהאַט, האָבן זיי צוליבן קורצן אָפּשטאַנד פון צייט איצט זיך ווי צונויפגעגאָסן אין איין איבערלעבונג און אים אַריינגעטריבן אין אַן אָנהאַלטנדיקער געדריקטקייט פון געמיט.

מאַרגאַ איז געווען פון די מיידלעך וואָס רעדן מיט אַן איינגעהאַלטענעם קול און ווען זיי גייען הערט מען קוים זייערע טריט. מיט איר הויכן האַלדז האָט זי אויסגעזען נאָך ציטערדיקער ווי זי איז געווען, און קוקנדיק אויף איר בלאַסן פּנים, וואָס האָט זיך כסדר גערויטלט, האָט מען שיער נישט געהאַט דאָס געפיל, אַז אַפילו ביי אירע עלטערן אין הויז פילט זי זיך ווי אין אַ פרעמדער וועלט. אַן אַדעליקע צערטלעכקייט אין איר האָט ווי גערופן אין דער שטיל: „באַשיץ מיך! האָב מיך ליב!״.

אין גאַנצן אַן אַנדערע איז זי געוואָרן ווען זי האָט זיך אַ מאָל צעזונגען. זי האָט געהאַט אַ מעלאָדישע שטים וואָס האָט געקלונגען רירנדיק און פאַטעטיש. זי האָט געזונגען, דער עיקר, פוילישע פאָלקסלידער. מיט עלעגישע טענער האָט זי אַרויסגעבראַכט מאַטיוון וועגן ציגיינערס, וואָס וואַנדערן דורך וועלדער און דערפער אויסגייענדיק פון הונגער; וועגן א יינגל יאַשעק, אַ פאַסטעכל, וואָס אַכטונג געבנדיק אויף די קי, וועלכע מען האָט אים אָנפאַרטרויט, קלאָגט ער זיך אַז דער טאַטע איז אים געשטאָרבן און די מאַמע איז באַלד דערנאָך אויך אַוועק פון דער וועלט אים איבערלאָזנדיק אַ יתום.

מאַרגאַ האָט זיך געבעטן ביי שמעונען, אַז ער זאָל איינס פון די לידער איבערזעצן פאַר אירט וועגן אין יידיש. דאָס איז געווען אַ ליד וווּ עמעצער דערציילט, ווי אַזוי צוזאַמען מיטן געריוש פון געדיכטע וועלדער האָט זיך זיין נשמה צעיאָמערט אויף זיין ביטער מזל. ס׳איז אין דעם ליד געלעגן אַ סך אומעט און רעזיגנאַציע, אָבער שמעון האָט דאָס מיידל נאָך קיין מאָל נישט געזען אַזוי אויפגעלעבט און צערויטלט ווי יענעם אָוונט ווען ער האָט צוזאַמען מיט איר געזונגען „איר יידיש ליד”.

*

אַלע האָבן געזאָגט אַז דאָס איז געווען „אַ נאַרישער טויט”. אין איינעם אַ טאָג האָט מאַרגאַ זיך געקלאָגט אַז עס טוט איר וויי דער האַלדז. דער הויזדאָקטאָר, וועלכער האָט דיאַגנאָסטיקירט סקאַרלאַטינע האָט געראָטן זי אַריינצוגעבן אין שפּיטאָל, כדי אויסצומיידן אַז די שטוביקע זאָלן זיך נישט אָנשטעקן. ווי ס׳האָט זיך אָבער דערנאָך אַרויסגעוויזן האָט דאָס מיידל געהאַט אַ געשוויר אין האַלדז און זי איז אין עטלעכע טעג אויסגעגאַנגען פון אַ דערשטיקונג.

זי איז געווען ווי אַן אָנגעהעריקע צו אַן אַנדער פּלאַנעט און זי איז נישט לאַנג געבליבן צווישן די מענטשן וווּ זי האָט זיך עפּעס קיין אָרט נישט געפונען.

האָט שמעון זי ליב געהאַט ? ער וואָלט זיכער אויף דער פראַגע נישט געקענט ענטפערן. ער האָט נאָר בלויז געוווּסט, אַז איר טויט האָט אים דערשיטערט, און אויב פריער האָט ער מיט ליב־שאַפט וועגן איר געטראַכט, האָט ער איצט זי אומעטום געזען. דאָס מיידל מיטן קאָפּ האָר פון אַ גלאַנציקן בלאָנד, וואָס איר געשטאַלט איז שוין ביים לעבן געווען ווי אַ שוועבנדיקע דערשיינונג, איז אין פאַרשווומענע קאָנטורן אים נאָכגעגאַנגען, ווי מאָנענדיק עפּעס וואָס איר קומט.

ווי וועלנדיק זיך אויסגלייכן מיט איר אין גאַנג, האָט ער פאַרלאַנגזאַמט דעם טראָט און אָנגעהויבן צו זינגען אין געדאַנק „איך יידיש ליד" ביז ער איז צוגעקומען צום פינאַל וועלכן ער האָט אויסגעברומט אויף אַ קול:

און עס גיסן זיך די טרערן,
רינען שטיל און הייס;
אויף מיין מזל ביטער־שווערן,
אויף מיין אומגליק גרויס.

ערשט דעמלט איז דאָס מיידל אומבאַמערקטערהייט פאַר־שוווּנדן.

*

אַהיים קומענדיק פון דער אַרבעט האָט שמעון אַ מאָל געטראָפן אין שטוב אַ מיידל, וואָס זיינע שוועסטערן האָבן אים פאָרגעשטעלט ווי אַ קוזינע פון זיין פאַרשטאָרבענעם פריינט אברהם. נאָך איר אַוועקגיין האָבן זיי אים דערציילט, אַז פערל, אַזוי האָט דאָס מיידל געהייסן, נעמט זיך שטאַרק איבער מיטן טויט פון איר קוזין און זי גייט אויפן בית־עולם אַוועקלייגן בלומען אויף זיין קבר.

שמעון האָט זי שטענדיק געזען אַ שוויגנדיקע און ער האָט געטראַכט, אַז עס איז גוט אַזוי. אָבער ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז נאָר ווען ער איז דאָ שווייגט זי אַזוי, ווייל אין איר בליק, מיט וועלכן ער האָט זיך טייל מאָל אָנגעטראָפן, האָט געגלאַנצט אַ וואַרעמע נייגעריקייט. אָבער ער האָט איצט אויסגעמיטן נייע קענטשאַפטן און ער האָט אין איר שוויגן געזען אַ מערקלעכע פאַרשטענדעניש פאַר אים און ער איז איר דערפאַר געווען באַזונדער דאַנקבאַר.

ער האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט זי צו זען אין שטוב. יעדן טאָג איז זי געקומען צו גיין אין בלויען שול־אוניפאָרם, אַראָפּ־

גענומען דאָס רונדיקע היטעלע, וואָס איז איר געזעסן אויפן שפּיץ קאָפּ, און ווי אַ שטוביקע זיך אַוועקגעזעצט שמועסן מיט זיינע שוועסטערן.

שמעון איז געווען פאַרשלאָסן אין זיך. לייענענדיק אַ בוך צי אַ צייטונג איז צו אים בלויז דערגאַנגען דער מורמל פון איר שטים און ס׳האָט זיך אים דערביי געדאַכט, אַז ווענדנדיק זיך צו זיינע שוועסטערן פאַרטרויט זי זיך פאַר אים. ער האָט טייל מאָל פאַרהאַלטן אויף איר זיין בליק, ווי וועלנדיק איר זאָגן: איך ווייס, קינד, אַז כאָטש איך הער נישט וואָס דו זאָגסט, רעדסטו איצט צו מיר.

ווען ער האָט אַ מאָל אויסגערעדט מיט איר אַ פּאָר ווערטער, איז ער געווען גערירט צו זען די אויפגעלעבטקייט, מיט וועלכער זי האָט די דערנענטערונג צווישן זיי אויפגענומען. ס׳האָט אים אויך איבערראַשט דאָס יום־טובדיקע געפיל, וואָס ער האָט אַליין דערביי איבערגעלעבט.

נישט זוכנדיק קיין נאָמען פאַרן דאָזיקן געפיל האָט שמעון זיך אַזוי צוגעוווינט צו איר, אַז ווען ער האָט אַ מאָל אַהיים קומענ־דיק פון דער אַרבעט זי נישט געטראָפן, האָט ער דערפילט אין זיך אַ ליידיקייט, וועלכע איז געווען פאַר אים אַן אַנטפּלעקונג...

ער האָט אין גאַנצן אויפגעלעבט ווען זי איז צו מאָרגנס ווידער געקומען. ווידער האָט ער געפילט אויף זיך אירע בליקן און ס׳איז פאַר אים געוואָרן קלאָר, אַז ער קען נישט מער אויסקומען אָן דער שטים וואָס האָט אין זיין אויער מער געזונגען ווי גע־רעדט. זינט יענעם טאָג האָט ער זיך אָנגעהויבן צו פרעגן: דאָס דאָזיקע מיידל־קינד, וואָס איז זי פאַר מיר?

די צייט איז דערווייל געגאַנגען. זיי האָבן, ווי ביז אַהער, ווייניק צווישן זיך גערעדט און אויסגעמיטן זיך צו באַקענען צו זייערע געפילן. נאָר איין מאָל האָט געטראָפן, אַז קומענדיק פון

דער אַרבעט האָט שמעון געפונען אין דער עפענונג פון זיין תפילין־זעקל, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, אַ צעבליט מירטנ־צווייגל, וואָס האָט צו אים געךעדט פריי און אומגעשטערט מיט דער שפראַך פון דויער און פון אייביקייט...

ער האָט געוווסט, אַז נאָר פערל האָט געקענט האָבן דעם דאָזיקן איינפאַל. דער געדאַנק, אַז דאָס שעמעוודיקע מיידל האָט גענומען די איניציאַטיוו, וואָס ער האָט נישט געוואַגט, האָט אים גערירט און ער האָט אָן אַ צוריקהאַלט אויפגענומען די פרייד, וועלכע האָט אין אים אַרויסגערופן אַ יובל פון געהויבנקייט.

שמעון האָט פון דעמלט אָן אויפגעהערט זיך צו שטעלן פראַגן, אָפּגעבנדיק זיך אַ חשבון, אַז פערל האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַן אָרט אין זיין לעבן. ס'איז אַלץ געקומען מיט אַ בלי־ציקער גיכקייט; ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שטוביקע האָבן פערלען שוין פון פריער באַטראַכט ווי אַן אָנגעהעריקע צו דער משפחה; און צווישן היימישע האָט מען אָנגעהויבן זיך באַציען צו זיי ווי צו באַשערטע צווישן זיך.

אָבער דאָס האָט באַדאַרפט בלייבן אַ שטרענגער סוד פאַר דער גאַס. פערלס פאָטער איז געווען פון די רייכע חסידים, באַקאַנט אין דער שטאָט מיט זיין תקיפות. אין זיין הויז האָבן די בני־בית געציטערט פאַר זיין קוק. פערל, כאָטש זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער, איז זי נאָך אין דער היים באַטראַכט געוואָרן ווי אַ יונג קינד. דאָס אַלץ וואָלט נאָך נישט געווען אַזוי געפערלעך, אָבער שמעון איז געווען אַן אָרעם יינגל, אַן אַפּיקורס, וואָס האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין יידיש פירעכץ, גאָר, גאָר קיין לייט נישט.

די צוויי יונגע פאַרליבטע האָבן דעריבער אויסגעמיטן צו ווייזן זיך צוזאַמען צווישן מענטשן. זיי האָבן געציטערט איבער זייער סוד, וואָס איז געווען דאָס טייערסטע וואָס זיי האָבן פאַר־מאָגט בשותפות. אַ טרעפונג אין שטאָטפּאַרק אָדער אויפן פרייען

פעלד איז ביי זיי געווען פאַררעכנט פאַר אַ ניצחון, אַרויסגעריסן מיט געוואַלד פון דעם נישט־פאַרגינערישן לעבן.

*

אין דער נידער פון באַביימערטן ערדוואַל, וועלכער האָט אַרומ־גענומען דעם גרויסן שטאָטפּאַרק ווי אַ גאַרטל, האָט זיך אויף אַ ברייטן שטח אויסגעשפּרייט דער מוניציפּאַלער גאָרטן, וועלכער האָט דאָ געהאַט זיין אָראַנזשעריע, זיין פאַרם, ווּ זומערצייט איז מען געקומען עסן דאָס דאָרפישע ברויט ; זיין רואינע, אַן איבער־בלייב פון אַן אַלטן שלאָס, און זיינע אָנצאָליקע אַלייען, ווּ מען האָט שטענדיק אָנגעטראָפן פאַרליבטע פּאָרלעך אויף זייער אָפּגע־זונדערטן שפּאַציר.

אין סאַמע מיטן איז געלעגן דאָס לויפנדיקע טייכל, וואָס האָט ווי אַ קאָקעטיש הענדל זיך געהנדלט קעגן דער זון און דערפאַר האָט מען עס גערופן : „דער קאָגוטעק״.

איצט איז געווען ווינטער. די ביימער זענען געווען דורכ־זיכטיק. ייחוסדיק האָבן זיי געטראָגן אויף זיך די צירונגען פון אומבאַפלעקטן שניי און געחלומט זייערע ווייסע חלומות.

אויפן אויבערפלאַך פון געפרוירענעם „קאָגוטעק״ איז דער שניי געווען אַוועקגעקערט און דורכגעוואָרפן מיט אַראַבעסקן, וואָס די גליטשאייזנס האָבן אויסגעקריצט אויפן אייז.

פריי האָבן זיך געלאָזט הערן יונגע קולות און געלעכטערס. די לופט איז געווען קאַלט, אָבער אַן אינערלעכע וואַרעמקייט האָט געלויכטן און זיך אויסגעלייגט אויף די פּנימער. ס׳האָט געש־ווינדלט פאַר די אויגן די לויטערע ווייסקייט, אין וועלכער עס זענען אַרומגעשווומען פונקען, ווי פייערווערק. צעפינקלטע בליקן האָבן אַנטפּלעקט סודות, וואָס אין אַנדערע טעג באַהאַלט מען זיי אין די פאַרבאָרגענע ווינקלען פון דער נשמה. ס׳איז געווען די שעה, ווען מענטשן ווערן זיך נאָענט, צונגען ווערן אויפגעבונדן

און רעדן פריי וועגן יונגע גלוסטונגען, ווי זיי וואָלטן פּלוצלינג באַקומען די אַנטפּלעקונג, אַז ליב האָבן קען נישט זיין קיין זינד.

שמעון און פּערל פּלעגן אויך, ווי אַנדערע יוגנטלעכע, אַהער קומען פאַרברענגען, אָבער אויך דאָ האָבן זיי זיך געהאַלטן באַזונדער, אין קרייז פון זייערע משפחה־לייט און באַקאַנטע, אויסמיידנדיק זיך אַדורכצוּוואַרפן מיט אַ וואָרט. דאָס איז געווען פּיינלעך, אָבער ס׳איז געווען ליב צו טראַכטן, אַז עס איז מעגלעך צו פאַרטיידיקן מיט דערפאַלג אַ גרויס געפיל, כאָטש עס איז נישט באַוויליקט פון די, וואָס האָבן דעם כוח זיך אַקעגנצושטעלן.

דערפאַר האָבן זיי זיך דאָ געפלעגט טרעפן אומגעשטערט אין די אָוונטן, ווען ס׳האָט זיך אויף דעם אָרט זעלטן אַ מאָל געוויזן אַ שאָטן פון אַ מענטש.

ווי אויף אַ פאַרלאָזענעם אינדזל זענען זיי איצט געגאַנגען אַרומגענומען צופוסנס דעם פאַרקוואַל און צוזאַמען געחלומט אויף אַ קול. שטילערהייט האָבן זיי זיך פאַרטרויט זייערע בענקשאַפטן, האָפענונגען און שרעקן.

דאָס מאָל האָבן זיי געדאַרפט אַרומרעדן אַן ערנסטן ענין. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַשטימען דעם טאָג פון זייער אַנטלויפן, וואָס האָט געדאַרפט געשען גאָר בקרוב. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז פּערל איז נאָך נישט גרייט געווען צום דאָזיקן שריט און געזוכט אָפּצושטופּן דעם מאָמענט ווען זייער פּלאַן האָט באַדאַרפט באַקומען זיין רעאַלע געשטאַלט.

— איך שרעק מיך אַזוי, האָט זי זיך ביי שמעונען געבעטן, אפשר קען מען דאָס אַלץ נאָך אָפּלייגן אויף אַ שטיקל צייט ? מען קען דאָך נישט וויסן, ס׳קען אַ מאָל געשען עפּעס אַ נס.

— אַ נס ? אַך נאַרעלע, וואָס פאַר אַ נס ? דער איינציקער נס וואָס קען געשען, איז ווען ס׳וועט אונדז געלינגען אַוועקצולויפן פון דאַנען ערגעץ ווייט, מעבר לים, אין אַן אָרט וווּ קיינער

קען אונדז נישט; און פאַר וואָס נישט ארץ־ישראל? דאָרט וועלן מיר זיין פרייע מענטשן און קיינער וועט אונדז נישט שטיין אין וועג; מיר וועלן שטעלן א חופה און שרייבן צו די עלטערן; דו וועסט זען, אַז זיי וועלן זיך לאָזן איבערבעטן. קוים אָבער בלייבן מיר דאָ, וועלן דיינע עלטערן דיך צווינגען צו טאָן וואָס זיי פאַר־לאַנגען, זיי וועלן דיך אָפּרייסן פון מיר און זיי וועלן שוין וויסן ווי אַזוי צו ווירקן אויף דיר, אַז דו זאָלסט אָן מיר פאַרגעסן.

— אוי, שימעק — רופט דאָס מיידל אויס אויף אַ קול, ניט געדענקנדיק אַז זיי מוזן רעדן שטיל — פאַרגעסן? ווי קענסטו טראַכטן וועגן אַזאַ זאַך? דו האָסט מיר אַנטפּלעקט אַזוי פיל נייע וועלטן! דו האָסט מיר געגעבן אַזוי פיל ערשטקייט! קיין מאָל, קיין מאָל וועל איך דאָס נישט קענען פאַרגעסן! אָבער גיב מיר נאָר צייט מיך צוצוגרייטן צו דעם שריט, וואָס דאַרף דעצידירן וועגן אונדזער צוקונפט אויפן גאַנצן לעבן!

אַ לאַנגער, הייסער קוש האָט פאַרענדיקט דעם שמועס. שמעון האָט דאָס מיידל צוגעפירט צום טויער פון הויפּט־אַרויסגאַנג, ווו די טראָטואַרן זענען געווען פול מיט מענטשן, ווייל ס'איז געווען די שעה ווען די קינאָס האָבן זיך געהאַלטן ביים פאַרמאַכן. זיי האָבן, ווי דאָס איז ביי זיי געווען איינגעפירט אין אַזעלכע סיטו־אַציעס, זיך צעשיידט ווי פרעמדע און געגאַנגען יעדער אין אַן אַנדער ריכטונג.

*

ס'דאַכט מיר, כ'הער גערויש פון אַ וואַסערפאַל,
איך הער ווי ס'קלאַפּט דיין האַרץ וואָס דערוואַכט.

אומבאַמערקט איז צוגעפאַלן דער אָוונט. קיינעם פון זיי איז נישט איינגעפאַלן אָנצוצינדן דעם לאָמפּ. דאָס פולע ליכט פון דער לבנה איז אָבער אומגעשטערט אַריינגעדרונגען דורך די שויבן, וועלכע זענען אין דעם בחורישן צימערל קיין מאָל נישט געווען פאַרהאָנגען מיט גאַרדינען.

אויף דער קליינער זאַפּע אַקעגן פענצטער איז פערל, אַ באַלויכטענע פון בלויען ליכט, געווען צוגעשפּאַרט ווי אין חלום. פאַר איר איז שמעון געשטאַנען אויף די קניען, געהאַלטן איר קאָפּ אין זיינע הענט און אים באַדעקט מיט קושן. דער אַראָמאַט פון איר שעוועליור האָט אים פאַרשיכורט און ער האָט צו איר גע־שעפּטשעט רייד, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין זין און געקומען ווי פון אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט וואָס איז פאַר זיי ביז היינט געווען אומבאַקאַנט. אויך זי האָט גערעדט האַלבע, אומפאַרשטענד־לעכע רייד, נאָר בלויז מאָמענטנווייז האָבן די ווערטער באַקומען עפּעס אַן אינהאַלט, אַ באַנאַל וואָרט האָט דאָ באַקומען פליגלען און געפאָכעט איבער זיי ווי אַ חופּה.

ער האָט געזאָגט:

— איך האָב דיך ליב! און דו?

זי האָט געקוקט אויף אים אַן איבערראַשטע, ווי זי וואָלט אים איצט געזען צום ערשטן מאָל, און געמורמלט:

— זאָג, צי בין איך נאָך אַ קינד?

ער האָט זי לאַנג געקושט אין האַלדז.

זי האָט זיך פּלוצלינג ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף און הייס גענומען שעפּטשען:

— קוש מיך נישט אַזוי! די מאַמע האָט מיך שוין אַ מאָל געפרעגט וואָס דאָס זענען פאַר אַ צייכנס ביי מיר אויפן האַלדז. איך האָב געענטפערט, אַז דאָס איז פון מיינע שול־חברטעס, אָבער איך האָב געזען אַז די מאַמע גלייבט מיר נישט. זי האָט געזאָגט:

— ניין, מיידלעך קושן נישט אַזוי!

*

ביים איינגאַנג פון אַ סקווער, וווּ ס׳האָבן זיך אַדורכגעקרייצט אַ צאָל גאַסן, איז געזעסן אויף אַ באַנק אַ קאַוואַלעריסט פון שטאָט־

גאַרניזאָן. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ יידישן זשורנאַל, אין וועלכן ער האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אַ בליק.

ביים אָנקומען פון אַ מיידל אין שולקליידונג איז ער אויפֿ־געשפרונגען:

— פערעלע? אַ גוט מאָרגן דיר! ווו לויפסטו דאָס אַזוי?

דאָס מיידל האָט זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט:

— אָ, אַנטשולדיקט! איך אייל מיך אַזוי, אַז איך האָב אייך גאָר אין גאַנצן נישט באַמערקט. גוט מאָרגן, חבר אָשר, איר זעט? ביי דער גאַנצער איילעניש בין איך שוין סיי ווי אַ פאַרשפעטיקטע.

— נו, איך פאַרשטיי. דאָס גייסטו מן־הסתם צו שמעונען. איך האָב אויך געהאַט בדעה היינט אַהין צו גיין, אָבער מיין אָפיציר האָט מיך געשיקט איבערגעבן אַ בריוול צו עפּעס אַ דאַמעטשקע, מוז איך אויספירן מיין שליחות. אָבער פאַר וואָס איילסטו זיך אַזוי?

— איר קענט אים דאָך. ער ווערט באַלד אומרואיק ווען ס׳קומט אים אויס אַ ביסל לענגער צו וואַרטן. מיין גאָט! ער איז אַזוי פילבאַר! צי זענען אַלע פעך־מענטשן אַזוי? איר דאַרפט עס דאָך וויסן. שמעון רעדט שטענדיק וועגן אייער דיכטונג, ער זאָגט, אַז איר זענט אַ גרויסער פּאָעט.

— נו, צו אַ גרויסן פּאָעט איז נאָך ווייט. דערווייל האָב איך ערשט אָפּגעדרוקט איין איינציק ליד. דו ווייסט, פערעלע, היינט איז ביי מיר אַ יום־טוב.

— וואָס? געבוירן־טאָג?

— אַ סך מער! שטעל דיר פאָר, אַז היינט האָב איך באַקומען פון דער היים דעם דאָזיקן זשורנאַל, ווו ס׳איז אָפּגעדרוקט מיין ערשטלינג.

— אַזוי גאָר? אוי מוז דאָס זיין אַ גרויס געפיל!

— אָך קינד! דאָס לעבן האָט זיך אויך זיינע געהויבענע

מאַמענטן! נו, גיי, קליינע מוזע, לאָז אים נישט לענגער וואַרטן אויף דיר.

— יאָ, איך לויף. סערוווס!

מיט אַ קענטיקער עמאָציע האָט דער סאָלדאַט לאַנג געקוקט אין דער זייט ווו דאָס מיידל איז פאַרשווונדן. ער האָט שטיל געזאָגט צו זיך אַליין:

— ווי ליכטיק אַלץ ווערט מיט אַ מאָל, ווען דו טרעפסט זיך אָן אויפן דאָזיקן ווונדער פון דער נאַטור! איז דאָס נישט דאָס שענסטע פון אַלע לידער? דער אַנהאַלטנדיקער שיר־השירים פון באַשאַף?

*

ס'איז געווען אין אַ קאַלטן נאָוועמבער־אָוונט. אין אַ בחוריש צימערל אויף דער פאַרשטאָט האָט אויף אַ קליין טישל געברענט אַ נאַפטלאָמפּ אַרויסגעבנדיק אַ קאַרגע ליכט. אַ יונגער מאַן, נאָענט צו די צוואַנציק, איז געזעסן פאַר אַ ליידיקן בויגן פּאַפּיר, אָבער זיינע אויגן זענען געווען געווענדט צו דער טיר. ס'איז געווען קענטיק אַז ער וואַרט אויף עמעצן.

ווען ס'האָט זיך געהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און געלאָפן עפענען:

— פּערל, פּערעלע, ענדלעך דו!

— אַ ביסל זיך פאַרשפּעטיקט, שימעק, דו ביסט דאָך נישט בייז? אָ, איך זע אַז דו שרייבסט, מען קען זען?

— אָ, נישטאָ וואָס צו זען. איך האָב בלויז געפּרוווט, אָבער היינט האָסטו מיך נישט אינספּירירט, מיין קליינע כישוף־מאַכערין, כאָטש איך האָב די גאַנצע צייט נאָר געטראַכט וועגן דיר. דו ווייסט? איך פרעג מיך שטענדיק פון וואַנען ס'נעמען זיך צו דיר אַזוי פיל צאַרטקייטן?! ביי דער ערשטער קענטשאַפט פילט מען דאָס אָפּ און דערפאַר האָבן דיך אַלע ליב. ס'איז מיר אַ ווונדער, אַז

אָשר האָט נאָך ביז היינט גאָרנישט אָנגעשריבן פאַר דיר. דו ווייסט וואָס ער זאָגט וועגן דיר ?

— וואָס ? וואָס ?

— ער זאָגט, אַז פאַר אים ביסטו אַזאַ פּיצל פייגעלע, וואָס זינגט און טרילערט אַ גאַנצן טאָג. האָט ער ליב צו קוקן אויף דעם פייגעלע און הערן ווי עס צוויטשערט און פרייט זיך מיטן לעבן.

— און איך האָב ליב צו הערן ווי ער רעדט פּויליש מיט זיין רוסישן אַקצענט. ביי אים האָט דאָס אַ באַזונדערן חן. און דו האָסט באַמערקט ווי קונציק ער דערציילט וועגן די שפּיצלעך וואָס די סאָלדאַטן טוען אָפּ איינער דעם אַנדערן אין דער קאַזאַרמע ? אָ, ער וואָלט געקענט זיין אַ גוטער אַקטיאָר !

— יאָ, אָבער, דער עיקר, איז ער אַ פון גאָט געבענטשטער פּאָעט. אַלץ וואָס ער שרייבט איז פריש און קערנדיק, עדלעך און אָנגעזאַפּט מיט נאַטור־אַסאָציאַציעס. איך קוק צו אים אַרויף און איך פרעג מיך: צי וועל איך אַ מאָל ערגעץ דערגיין מיט מיין שרייבן ?

— שווייג, שווייג ! — האָט דאָס מיידל אויסגערופן — איך האָב נישט ליב ווען דו רעדסט אַזוי. אַ קינסטלער מוז האָבן אַמביציע, מוז גלייבן אין זיך ! האָסט מיר דאָך אַליין אַ מאָל דערציילט פון דעם מלאך וואָס צווינגט די גרעזלעך, אַז זיי זאָלן זיך אַדורכרייסן פון אונטער דער ערד צום אויבערפלאַך. די גרעזלעך פוילן זיך, אונטער דער ערד איז זיי גוט, זיי פאַרשפּאָרן דאָרט צו קעמפן קעגן ווינטן און שלאַקסרעגנס, ס׳דאַקוטשעט זיי נישט די פייער־דיקע זון און זיי דאַרפן נישט קיין מורא האָבן פאַרן שטורעם. געדענקסט ווי דו האָסט מיר דאָס אַ מאָל דערציילט ?

— יאָ, איך געדענק. ס׳איז דעמלט געווען אַ טריבער האַרבסט־

טאָג, אַזוי ווי היינט; דו האָסט זיך באַקלאָגט אויף דיינע לערערס, וואָס גיבן דיר צו פיל אויפגאַבן צו מאַכן אין דער היים.

— שטייט אַ מלאך ביי יעדן גרעזעלע — ציט דאָס מיידל וויטער דעם פאָדעם פון דער לעגענדע — שלאָגט עס מיט אַ לעדערנעם רימען שרייענדיק: וואַקס! וואַקס! און ווען נישט דער מלאך וואָלט די ערד געווען וויסט, די מענטשן וואָלטן געווען טרוקן און בייז און ס'וואָלט קיין ליבשאַפט אויף דער וועלט נישט געקענט זיין.

שמעון נעמט זי אַרום, ער קושט זי אין שטערן און זאָגט אַ טיף גערירטער ·

— מאַמעלע, ווי וווּנדערלעך דאָס איז! דו ביסט נאָך אַזאַ קליין מיידעלע און דו פאַרמאָגסט שוין אַזוי פיל קלוגשאַפט! דו ווייסט אַליין נישט ווי גרויס דו ביסט. דו ביסט נישט דער מלאך וואָס שלאָגט, נאָר דער וואָס גיט גלויבן דעם צווייפלער. ווי גוט ס'איז דיך צו פאָלגן און צו טאָן וואָס דו הייסט!

זי האָט זיך באַפרייט פון דער אומאַרעמונג, זאָגנדיק מיט פעסטקייט:

— איצט מוז איך גיין!

— שוין? אַזוי פרי?

— אין דער היים וועט מען איבערקלערן. זיי פאַרשטענדיק, שימעק, איך וועל דיר שרייבן ווען מיר וועלן ווידער זיך קענען טרעפן.

שמעון האָט נאָך לאַנג זיך צוגעהערט צום ווינט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין שטאַרקן, געוואָיעט אומהיימלעך איבער די הייזער, ווו מענטשן האָבן זיך געגרייט צו זייער נאַכטרו נאָך אַ טאָג פון אַרבעט און מיעניש פאַרן נישט־זיכערן מאָרגן.

די מערב־אייראָפּעישע גרויסשטאָט האָט שמעונען אויפגענו־מען מיט אַ פריינטלעכער גלייכגילטיקייט. ער איז געווען פאַרכאַפּט פון די פאַנטאַסטישע מיטל־עלטערלעכע געביידעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין שכנות מיט די מאָדערנסטע בנינים, און פונקט אַזוי איז אים געפאַלן אין די אויגן די פאַמיליאַרישקייט פון מענטשן צווישן זיך. אויף די באַלעבטע בולוואַרן, ווו זיין פריינט האָט אים געפירט, האָט ער געזען בלויז צופרידענע פּנימער, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז די מענטשן ווילן לעבן בשלום און זענען גרייט יעדן אַקעגן צו קומען מיט אַ גוט וואָרט.

ס׳איז אים געווען שווער צו דערקענען צווישן זיי אַ ייד, כאָטש זיין אויער האָט אויפגעכאַפּט דאָ און דאָרט עפּעס ווי יידישע ווערטער און אָפּגעפּילט דורך דעם אַ מין היימישקייט. אָבער זיין פריינט האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז פּלעמיש, וואָס אַ טייל באַפעלקערונג רעדט אויף דער שפּראַך.

באַלד אין די ערשטע טעג איז ער געווען איבערראַשט פון דער חשיבות, פון וועלכער ס׳געניסט דער פשוטער פאָלקסמענטש ביים אינטעלעקטואַל אָדער ביים סאָציאַל העכער שטייענדיקן ביר־גער, און ער האָט מיט אַ ספּעציעלער סאַטיספאַקציע קאָנסטאַטירט, אַז בכלל איז דאָ דאָס לעבן פרידלעכער און ווייניקער קאָמפּליצירט ווי אין דער היים.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים לעצטן וואָרט פון זיין געדאַנק און זיך אַליין געפרעגט, צי דאָס לאַנד וואָס ער האָט פאַרלאָזט איז טאַקע געווען פאַר אים אַ היים. אַ סך ביטערקייט האָט ער מיטגע־נומען מיט זיך אויפן וועג. די לעצטע פערזענלעכע אַנטוישונגען האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן אין פיינלעכע איבערלעבונגען פון אַ נאַציאָ־נאַלן כאַראַקטער. פּוילן איז געווען אַ שטיפמאַמע פאַר אירע יידן. ס׳איז געווען אַ מאָדע צו פאַרהאַלטן יידן אין די גאַסן און זיי צו „שערן" די בערד, מיטרייסנדיק דערביי שטיקער פלייש. ס׳האָט

אויך געהערט צום גוטן טאָן אַרויסצוּוואַרפן יידישע פּאַסאַזשירן דורך די פענצטערס פון די באַנען אין מיטן גאַנג.

ביזן שטעטל, ווו ער האָט געשוואַרצט די ערשטע גרענעץ, האָט ער זיך כסדר אַנגעטראָפן אויף פּיינטלעכע בליקן, וואָס האָבן געשפּריצט מיט סם און אָפענער רציחה. ער האָט ערשט דאָ, אין „פרעמדן" לאַנד, פרייער אָפּגעאָטעמט. ס'האָט אים דאָ געפעלט דאָס אַלץ וואָס ער האָט דאָרט געמוזט איבערלאָזן. ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט די זאַכן נישט אַזוי לייכט געפינען אונטער דעם נייעם הימל, ווו ער האָט געדאַרפט אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי; ער וועט זיך מוזן שאַפן נייע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן, אַ סביבה, אויסלערנען די שפּראַך און ווערן מיט אַלע גלייך, אָבער זיין אינטואיציע האָט אים אונטערגעזאָגט אַז עס לוינט די מי, אַז ער וועט אַדורכברעכן די שטערונגען וואָס שטייען אים אין וועג און זיך איינאַנקערן אין לאַנד.

דערווייל איז אים אויסגעקומען, אין די שפּעטע אָוונטן, אַרומצוגיין אין די גאַסן און אויסקוקן אַ באַקאַנטן, וואָס זאָל אים לאָזן איבערנעכטיקן ביי זיך אַ נאַכט. מער ווי איין מאָל איז ער טאַקע „איבערגעשלאָפן" די נאַכט אויף אַ באַנק ערגעץ אין אַ פּאַרק.

געטאָן האָט ער אַ סך מלאכות, געאַרבעט ביי וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט ביז ער איז ביסלעכווייז אַרויס אויף אַ וועג. די שפּראַך האָט ער זיך געלערנט גענוג גיך און אין אַ קורצער צייט האָט ער זיך געשאַפן אַ פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, דערוואָרבן נייע פריינט און זיך איינגעלעבט מיטן געדאַנק, אַז פון דאַנען וועט ער זיך מער נישט רירן.

אָבער דער פינף און צוואַנציק־יעריקער יונגער־מאַנטשיק מיט דער האָפערדיקער טשופרינע האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ נישט־פאַרהיילטער ווונד, וואָס האָט זיך געעפנט אין די איינזאַמע נעכט. אַ וועלט, וואָס אין מאָמענטן פון דערפאָלג האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז זי איז פאַרשוווּנדן, האָט ווי דורך אַ כישוף צוריק אויפגעלעבט

מיט דער נאַכטשטילקייט. ער האָט געזען בילדער וואָס האָבן שווער געדריקט זיין געמיט. זכרונות פון העל־פּעכלדיקע טעג האָבן אויפ־געלעבט פאַר זיינע אויגן, נאָר אַנשטאָט אים צו פאַרשאַפן פרייד האָבן זיי אים בלויז אָנגעפילט מיט אַן אומרו.

ער זעט זיך זיצן אויף אַ ברייטן גראָז־שטח; ער טראַכט, אַז דאָס אָרט האָט ער שוין אַ מאָל געזען, אָבער ער פרעגט זיך פאַר וואָס מען שניידט נישט דאָס גראָז, ווי מען האָט דאָס שטענדיק געפלעגט טאָן. מיט אַ מאָל דערפילט ער אַ ווייטיק, ווי פון אַ שניט מיט עפּעס אַ שאַרפן אינסטרומענט; ער זעט ווי פערעלע שפּאַצירט איינע אַליין אין פעלד, פון וואַנען מען האָט ערשט אַראָפּגענומען די תבואה; זי איז אָנגעטאָן אין אַ לייכטן בלויען מאַנטל און ציטערט פאַר קעלט. ווי זי וואָלט פּלוצלינג אַן עפּעס זיך דערמאָנט, שטעלט זי זיך אָפּ און דרייט אויס דעם קאָפּ אין זיין זייט. ער ווייסט, אַז זי קען אים נישט זען, און ער נעמט שרייען, ער וויל איר צו וויסן טאָן אַז ער איז דאָ, אַז ער וואַרט אויף איר. אָבער ער הערט נישט זייז אייגן קול.

ווען ער כאַפּט זיך אויף — זעט ער אַז ער איז אַליין, זיין שטערן איז נאַס פון שווייס און אין די שלייפן הילכן אָפּ שווערע קלעפּ. נאָך דער ערשטער צעטומלטקייט טראַכט ער, אַז ער וואָלט פון איצט אָן זיך באַדאַרפט נעמען אין די הענט אַריין, נישט צו זיין מער אויסגע־שטעלט אויף אַזעלכע דערשיטערונגען.

נישט קענענדיק מער איינשלאָפן צינדט ער אָן די עלעקטרע; ער כאַפּט אויף זיך אַרויף דעם שלאָפראָק און גייט זיך דורך איבערן צימער; ביסלעכווייז באַפאַלט אים אַ שווערע מידקייט און ער גייט צוריק צו זיין געלעגער מיטן איינציקן פאַרלאַנג וואָס גיכער איינ־צושלאָפן.

נישט לאַנג דערנאָך איז צו אים דערגאַנגען די ידיעה, אַז פּע־רעלע האָט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט זיך באַקענט מיט אַ

פּאָליטישן טוער און איז מיט אים אַוועק ווייטער אויף מיזרח. זייערע וועגן זענען זיך איצט ענדגילטיק צעגאַנגען. קיין מאָל האָבן זיי מער זיך נישט געדאַרפט צונויפטרעפן.

## פון אַ בריוו וואָס איז נישט דערגאַנגען

...איך זיץ אויף דער טעראַסע פון אַ קאַפעהויז ביים ים. ס'איז נאָך אַ שטורעם, אָבער ריי נאָך ריי קומען נאָך אַן כוואַליעס, ווי פערד מיט ווייסע גריוועס, וואָס אַטאַקירן נאָך אַלץ דעם ברעג, ווו עס זיצט דער מענטש אַ מידער נאָך לאַנגע זוכענישן און חלומט וועגן שלווה און רו.

אַן איינגעבויגענע שיף אויף אַ זייט באַוועגט זיך אויף די כוואַליעס, וואָס וואַרפן זיך אימפּעטיק אין דער הייך און פאַלן צוריק; מחנותווייז קומען מעוועס אָנצופליען; מיט שניידיקע פליגלען יאָגן זיי זיך, שרייענדיקע, נאָך רויב.

צי דאַכט זיך מיר בלויז, אָדער איך זע טאַקע אויף אַן אמת ווי אַ פלאַש ווערט געוואָרפן און געשליידערט צווישן די כוואַליעס?

ס'טויכן אויף פאַר מיר וווּנדער־מעשהלעך, וואָס דערציילן פון געפאַנגענע אויף אַ שיף. זיי האָבן מיטן לעצטן האָב, וואָס איז זיי געבליבן, איבערגעקויפט איינעם פון די פּיראַטן, וואָס ביי אים איז נאָך געבליבן אַ מענטשלעכע אָדער, און ער האָט זיי דערמעגלעכט אַרויס־צוּוואַרפן אין ים אַריין אַ פאַרפּראָפּטע פלאַש, אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען זייער הילפרוף צו דער וועלט.

ס'האָט געטראָפן אַז מען איז זיי געקומען צו הילף אין דער צייט און זיי געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, נאָר אין די מייסטע פאַלן, דערציילט דאָס מעשהלע, איז זייער רוף געבליבן אַ קול קורא במדבר און קיין מאָל נישט דערגאַנגען צו אַ מענטשלעך אויער.

מען וואָלט אפשר באַדאַרפט אַרויסשעפּן די פלאַש פון די צעיושעטע וואַסערן. ווער קען וויסן? אפשר געפינט זיך דאָרט אָן אַפּעל פון אַ מענטש, וואָס געפינט זיך אין אַ טויטגעפאַר? ס׳קען זיין אַז דאָס איז אַן עס־אָ־עס פון אַ פרוי, וואָס איר מאַן האָט זיך פאַר אירע אויגן אַריינגעיאָגט אַ קויל אין קאָפּ, ווען מען איז געקומען אים אַוועקפירן פאַר זינד וואָס ער איז נישט באַגאַנגען? דאָס קאָן דאָך זיין געשען אין לאַנד פון די אָפּגענאַרטע האָפענונגען, וווּ ס׳איז נישטאָ קיין חילוק צווישן באַשולדיקט ווערן און זיין פאַר־מישפּט.

אָבער די יאָרן האָבן געבראַכט מיט זיך די דערפאַרונג וואָס לערנט, אַז דער מענטש דאַרף נישט „ביי אַ ליאַדע וואָס" איבער־רייסן די מנוחהדיקע שעה וואָס ער געניסט, זיצנדיק אויף אַ טעראַסע ביי אַ גלעזל וויין. ווייל איז דען נישט יעדער פון אונדז סיי־ווי אַ פלאַש אויפן וואַסער מיט זיין שטומען הילפרוף צו דער וועלט?!

דער ראַדיאָ גיט אָפּ באַריכטן פון די לעצטע ספּאָרט־געשעענישן. איצט הייבט אָן צו רעגענען. די וואָס פאָרן פאַרביי גרופּעסווייז אויף וועלאָציפּעדן האָבן זיך אָנגעטאָן אויף די פּלייצעס לעדערנע טאָפּל־שירצן און זיי זעען אויס שיער נישט ווי פלעדערמייז אין אַ טריבן פאַרנאַכט. מענטשן אַרום מיר קלאָגן זיך אויפן שלעכטן וועטער, כאָטש זיי וויסן ווויל, אַז עס איז אין דעם לאַנד זעלטן דאָ אַ טאָג אָן רעגן. אָבער זיי קענען נאָך אַלץ נישט קיין שלום מאַכן מיטן דאָזיקן צושטאַנד. ס׳פּולסירט אין זייערע אָדערן אַ געזונט שטראָמיק בלוט און ס׳איז זיי אַ שאָד יעדע מינוט, וואָס גייט אַדורך און גיט זיי נישט צו געניסן מיטן פולן מויל די גאָבן וואָס דאָס לעבן האָט צוגעגרייט פאַרן מענטש.

און גראָד איצט האָב איך מיך דערמאָנט. גראָד איצט טראַכט איך וועגן יענער צייט, ווען מיר זענען נאָךביידע קינדער געווען און זיך געשראָקן פאַרן גרויסן גליק, וואָס איז געקומען אַזוי פּלוצ־

לינג, אַזוי אומפאַרהאָפט. דאָס לעבן איז געלעגן פריי, ווי אַ וועג וואָס איז פאַרגאָסן מיט ליכט, ווי אַן אָבזאָג פון אַ שטייגנדיקער פרייד וואָס האַלט אין וואַקסן.

לאַנגע יאָרן זענען זינט יענער צייט אַריבער. יאָרן וואָס האָבן חרוב געמאַכט און אויפגעשטעלט וועלטן. די נייע וועלטן האָבן געפינקלט מיט אַלע גלאַנצן, אָבער דעם אָרעמען, פון שטענדיק אַן געליטענעם מענטש, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געוואַרט און געהאָפט, האָבן זיי באַגעגנט מיט אַן אייזקאַלטער פרעמדקייט.

און, ווי פּעער גיבט, קער איך מיך אום צוריק צום שטילן, בלויען ליכט פון אַן אָוונט־שעה, וואָס איז געווען ווי אַ פרימאָרגן. ווי אַ פרימאָרגן, אין וועלכן ס'ווערט אַנטפּלעקט דאָס גליק וואָס איז באַשערט פאַר אַ מענטשלעך לעבן.

# למד וואָוו

לא פחות עלמא מתליתין ושיתא צדיקי
(סוכה, מ״ה)

(ס׳איז קיין מאָל נישטאָ אויף דער וועלט
ווייניקער ווי זעקס און דרייסיק צדיקים)

דער אָוונט איז געווען אַ טריבער און אַ קאַלטער, ווי דאָס זענען געווײנטלעך די אָוונטן פון שפּעטהאַרבסט. אָבער אין געראַומען צימער איז דער אויוון געווען איינגעהייצט און ס׳האָט דאָרט געהערשט אַ שלווהדיקע שטילקייט.

הינטער אַ שרייבטיש, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט ביכער און מאַנוסקריפּטן, איז געזעסן אַ מאַן אין די עלטערע יאָרן. אַ נאַפט־לאָמפּ האָט געוואָרפן אַ קאַרגע ליכט אויף אַ בוך וואָס איז געלעגן אַן אויפגעעפנטס אויפן טיש. מיט אַ פּנים פאַרבאָרגן אין שאָטן איז געזעסן קעגן איבער אים אַ יונגער־מאַן, די אויגן צוגעשמידט צו די פאַרגילדיקטע מאַרגינענסן פונעם ספר, בשעת דער עלטערער מאַן האָט געלייענט מיט אַ שטיל קול:

„דו זאָלסט נישט באַעוולען די אלמנה מיטן יתום,
ווייל אויב וועסטו זיי קריוודען און זיי וועלן שרייען צו מיר,
וועל איך הערן זייער געשריי.
... ווען דו וועסט נעמען פאַר אַ משכון דיין חברס מאַנטל,
זאָלסטו אים אומקערן איידער די זון פאַרגייט;
וואָרעם דאָס איז אפשר זיין איינציקער צודעק,
און ס׳וועט זיין, אַז ער וועט שרייען צו מיר,
וועל איך אים דערהערן״.

פון קענטיקער מידקייט האָט זיך דאָ דער לעקטאָר אָפּגעשטעלט און ס'איז איינגעטרעטן אַ שווייגן, בשעת דער בחור האָט גענומען פרעגן:

— פאָטער, די אַלע וואָס ליידן אין דער שטיל, פאַר וואָס שרייען זיי נישט? ס'איז ידוע, אַז מענטשן לויפן זיך צוזאַמען אויף אַ שריפה, וואָלט מען דאָך זיי אויך געקומען צו הילף.

— קען זיין אַז די אומגליקלעכע האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן, אַז עמעצער וועט אַ מאָל קומען זיך אָננעמען פאַר זיי. און עס זענען אויך פאַראַן אַזעלכע וואָס שעמען זיך.

— אָבער מיט וואָס איז דאָ פאַראַן זיך צו שעמען, פאָטער?

— יעדער פון אונדז, זאָלסטו וויסן, איז אין אַ געוויסער מאָס מיטשולדיק פאַרן שלעכטס וואָס אַנדערע טוען און דער געליטענער, וועלכער האָט דאָך פון דער נאָענט געזען דעם פּרצוף פונעם מנוול, ברענט אין אים אַליין די בושה פאַר יענעמס וועגן.

— אָבער צי געפינען זיך נישט אין דער וועלט מענטשן, וואָס זאָלן פון זיך אַליין גיין אויפזוכן דעם באַעוולטן, נישט וואַרטנדיק ביז יענער וועט זיי ערשט רופן?

— אוודאי און אוודאי זענען פאַראַן אַזעלכע מענטשן. זיי דרינגען דורך מיט זייער אויג די דיקסטע ווענט און זיי זענען מסוגל צו הערן אפילו די טויט־געבוירענע געשרייען, און פאַר זיי בלייבן אויך נישט פאַרהוילן די טרערן פון די אומגליקלעכע, וואָס צוליב זייער אומזיניקן שטאָלץ וויינען זיי קיין מאָל נישט.

די דאָזיקע אַלצהערנדיקע און אַלצזעענדיקע מענטשן זענען באַשאָנקען מיט אינערלעכע אַנטענעס, אויפן שטייגער פון דוד המלכס האַרף, וואָס פון בלויזן באַריר, וואָס אַ לייכט ווינטל האָט באַוויגן אירע סטרונעס, האָט זי אַליין אָנגעהויבן צו שפּילן אין דער נאַכטשטילקייט.

אין יעדן דור געפינען זיי זיך אין דער צאָל פון זעקס און

דרייסיק. דאָס זענען אַלץ בעלי־מלאכות, יישובניקעס און קליין־פּאַרדינערס, וועלכע קומען איבער דעם טאָג מיט שהי פּהי; קיינער קען זיי רעכט נישט און מען האָט פאַר זיי נישט דעם מינדסטן דרך־ארץ, און אויב מען דערגייט אַ מאָל ווער אַזאַ איינער איז, ווערט ער נסתלק און ס׳קומט אָן אַן אַנדערער אויף זיין אָרט; זייער צאָל טאָר נישט געמינערט ווערן, ווייל אויף זיי האַלט זיך די וועלט, וואָס קען אָן זיי נישט האָבן קיין קיום; זיי האָבן די דערפאַרונג פון זקנים, נישט האָבנדיק אָנגעווירן די תמימות פון זייער קינדהייט.

זיי זענען עס טאַקע די, וואָס איילן זיך צו קומען צו הילף דעם געקרענקטן, נישט וואַרטנדיק ביז ער וועט זיי רופן; דערנאָך פאַרשווינדן זיי מיט גיכע טריט, אויסמיידנדיק די דאַנקבאַרקייט פון די געהאָלפענע.

זיי ברענגען צוריק דעם שמייכל אויף די פאַרביטערטע פּנימער און זיי קומען טרייסטן די וואָס זענען געמישפּט געוואָרן מיט פאַלשקייט;

זיי פילן אין זיך אָפּ די בראַנדן פון אַן אַנדערנס דערנידערונג און זיי טראָגן אַליין איבער אַלע אַנגסטן און בהלות פון יעדן איינעם;

זיי פאַרלאָזן נישט די, וואָס זוכן די פאַרגעסונג אין שטאַרקע געטראַנקען, און זיי גייען אַוועק אָפּריכטן גלות צוזאַמען מיט די אויסגעוואָרצלטע;

זיי הערן נישט אויף צו האָפן צוזאַמען מיטן קוילן־גרעבער, וואָס איז לעבעדיקערהייט פאַרשיט געוואָרן אין דער מינע, און זיי טרויערן צוזאַמען מיטן זון, ווען זיין פאָטער פאַלט אַ קרבן גייענדיק ראַטעווען אַנדערע;

זיי באַגיסן זיך מיט שווייס צוזאַמען מיטן שלעפּהונט, וואָס איז איינגעשפּאַנט אין מילכוואָגן, און שווער־אָטעמדיק בלייבן זיי שטיין נעבן דעם לאָסטפערד וואָס קען מער נישט גיין אין שפּאַן;

צוזאַמען מיטן הימלאָזן ליידן זיי קעלט ביי נאַכט אונטער דער בריק, און צוזאַמען מיטן פייגעלע בלייבן זיי פאַרציטערט אונטערן בליק פון דער שלאַנג;

און אַזוי, אָפּפּילנדיק אַלעמענס ווייטיקן, ברענגען זיי דער־לייכטערונג די אָנגעווייטיקטע, און בייגנדיק זיך אונטער אַלע ווייען פאַרגרינגערן זיי די וואָס זענען באַלאָדן מיט געליימטקייט.

און זינט די ערד איז באַפּעלקערט געוואָרן מיט לעבעדיקע ברו־אים זענען זיי אָנוועזנדיק אין יעדער שעה פון טאָג און נאָר אַ דאַנק זיי האַלט זיך אויף יעדער לעבעדיקער נפש; די וועלט קען אָן זיי נישט אויסקומען, און נאָר אין זייער זכות קען זי האָבן אַ קיום צווישן די בייזע כוחות וואָס ווילן זי פאַרלענדן.

זייער צאָל דאַרף אויך זיין זייער נאָמען און דערפאַר האָבן זיי קיין אַנדערן נאָמען נישט ווי למד וואָוו, און דעם נאָמען וועלן זיי טראָגן ביז יענעם טאָג ווען די פינצטערניש וועט נישט מער האָבן קיין שליטה איבער מענטש. דעמלט וועט זייער צאָל זיין אָן אַ צאָל און זיי וועלן זיך רופן: המונים. אויף יענעם טאָג האָט דער נביא געזאָגט:

„די וואָס וווינען אין לאַנד פון שאָטן,
אויף זיי האָט אַ שטראַלנדיקער גלאַנץ אויפגעהעלט".

דער מאַן איז אַנטשוויגן געוואָרן. פון דרויסן האָט זיך געהערט אַ פייפעניש פון ווינט, וואָס האָט אין רוגזהדיקע אָנפאַלן געפּאַטשט קעגן די שויבן. דער יונגער־מאַן איז אויפגעשטאַנען און מיט אַ באַוויגענער שטים האָט ער אויסגערופן:

— און איך, פאָטער, מיט וואָס וואָלט איך געקענט ברענגען עפּעס אַ נוץ? מיין רחמנות פּייניקט מיך און טוט מיר וויי! ס'איז עפּעס ווי אַ קאַץ וואָלט זיך מיר אָנגעהאַנגען אויף דער ברוסט. אירע שווערע לאַפּעס דריקן מיך צו, אין די נעכט וועק איך מיך אויף אין אַ קאַלטן שווייס און ס'דאַכט זיך מיר, אַז איך הענג אין דער לופט.

פאַר וואָס זאָל איך נישט קענען זיין צווישן די דאָזיקע מענטשן און טאָן דאָס וואָס זיי טוען?

ליבשאַפט און אומרו מישן זיך אינעם בליק פון פאָטער. נאָך אַ רגע וואַקלעניש זאָגט ער, ציילנדיק די ווערטער:

— דו דאַרפסט נישט מיינען, אַז אַ פּלוצעמדיקער אויפבריז מאַכט פון די דאָזיקע מענטשן דאָס וואָס זיי זענען. זייער וועג איז פול מיט שטרויכלונגען און קיין שום נסיון איז זיי נישט פאַרשפּאַרט. ספיקות און אויך ייאוש באַפאַלן זיי כסדר, און ווען די אויסערלעכע וועלט באַהאַנדלט זיי אָן דער מינדסטער איינזעעניש, זענען זיי דאָס תמיד מקבל באהבה.

לעבנדיק אין אָפּגעזונדערטקייט זענען זיי אויך אונטערגעוואָרפן יענעם געפערלעכסטן פון אַלע נסיונות, וועלכער קלייבט אויס מיט ערמה זיין שעה; די ערד ווייזט אויס צו האָבן אָפּגעשטעלט איר אייביקן געלויף, די קאָנטורן פון אַלץ אַרום ווערן פאַרשוווּמען, און דער געדאַנק זינקט אין נעפּל פון פאַרגעסנקייט און אָפּגעטעמפּטע דערמאָנונגען...

דעמלט הערט דער מענטש דאָס געשריי פון זיין אייגענעם לייב, ווייל די נאַכט האָט אירע זכותים און וויל גובר זיין דעם טאָג.

אָבער פאַר די אַ מענטשן איז מער פאַרשיכורנדיק די פרייד צו קענען טראַכטן וועגן די אָפּגעשאַפענע אומגערעכטיקייטן, אויסגעגליכענע קריגערייען און וועגן געפאַלענע, וואָס זיי האָבן געראַטעוועט פון אָפּגרונט.

וואָס שייך דיר, ווער קען וויסן וואָס עס וואַרט אויפן מענטש אין דער צוקונפט?

— אָבער דערווייל, פאָטער?

— דערווייל, מיין זון, גיב זיי דיין ברכה, ווייל אויך הייליקע לייט נייטיקן זיך אין דעם אַז מען זאָל זיי בענטשן. יאָ, בענטש זיי, וואָרעם שוין איצט ביסטו צו דעם ראוי!

# רות

אַ מתנה י. פ.

פון אַ ביבלישער אידיליע, וואָס איז זיך
פאַרלאָפן צווישן דער מואָבישער טאָכטער רות
און דעם יידישן גוטבאַזיצער בועז, אין די
אַלטע צייטן פון די שופטים אין יהודה.

אַ רות!

מיט דער לויטערקייט פון שפיגלען גייט אויף דיין נאָמען ביז היינט אין פאַרגאָלדיקטן נעפּל פון אַ חדר־ייִנגלס זכרון.

ווייל צוזאַמען מיטן יום־טוב פון פרילינג, שבועות, האָט ער דיך געזען אָנקומען פון די מואָבישע פעלדער קיין בית־לחם.

פון דעמאָלט אָן האָט ער מער נישט געקענט אָפּרייסן פון דיר זיין בליק, ער האָט אין געהיים וועגן דיר געטראַכט און געזען ווי דו האָסט, אַ באָרוועסע, געקליבן אַראָפּגעפאַלענע זאַנגען אין פעלד בעת דעם גערשטן־שניט.

דו ביסט נישט געווען, ווי אַנדערע קלייבערינס, אַרויסרופעריש און פאַרשייט, אָבער דו ביסט זיי אַלע געווען ווייט אַריבערגעשטיגן אין דיין געוויקסיקייט. דיין קלייד האָט זיך נישט פאַרשאַרצט ווען דו האָסט זיך איינגעבויגן אויפצוקלייבן דיינע זאַנגען, און די פעלד־יונגען האָבן נישט געוואָגט פאַר דיר אַרויסצוברענגען רייד מיט אָנצוהערענישן.

דער גוטבאַזיצער בועז האָט באַלד אין ערשטן טאָג באַמערקט דיין סודותדיקע ווייבלעכקייט. ער איז געווען איבערראַשט פון דעם קעניגלעכן בלוי אין דיינע אויגן און פון די גאָלדהאָר וואָס האָבן געפינקלט אין דער זון.

ער איז געווען אַ מאַן אין די יאָרן און ער האָט שוין לאַנג נישט געהאַט אָפּגעפּילט אַזאַ באַרווישטקייט ווי אין דער מינוט, ווען ער האָט געזען ווי ס'האָט זיך דורכן דינעם געצייג פון דיין קלייד אָנגעצייכנט דאָס עלאַסטישע באַוועגן פון דיינע שענקלען, און ער האָט באַפּוילן זיינע שניטערס, אַז זיי זאָלן דיך שאַנעווען, דיך ווייטער רואיק לאָזן קלייבן אין זיינע פעלדער און דיך אָפּפרישן מיט די זויערע געטראַנקען וואָס זיי האָבן אַליין געטרונקען.

דעמלט האָסטו געזאָגט צו בועזן מיט טרערן אין די אויגן:

— מיט וואָס, אדוני, האָב איך געפונען חן אין דיינע אויגן? פאַר וואָר, און איך בין דאָך אַ פרעמדע, נישט קיין יידישע.

און דער גוטער בועז האָט דיר געענטפערט:

— געהערט האָב איך אַז דו האָסט געטאָן חסד צו נעמין, דער אלמנה פון מיין קרוב אלימלך, זי נישט געלאָזט אַליין נאָך איר מאַנס טויט און מיטגעגאַנגען מיט איר קיין בית־לחם, אין לאַנד יהודה, און די וואָס טוען גוטס צו מענטשן רוען אין שטאָט פון גאָטס פליגלען, ווייל ער מאַכט נישט קיין חילוק צווישן אַ פאָלק און אַ פאָלק.

אַ רות! אַ חדר־יינגל האָט זיך געקוויקט מיט די דאָזיקע רייד, ווייל נאָר אַזוי וואָלט ער אַליין געווען גערעדט צו דיר.

און דערפאַר האָט זיין יונג האַרץ שטאַרקער גענומען קלאַפּן, ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער מיסטעריע, וואָס איז נישט לאַנג נאָך דעם פאַרגעקומען צווישן דיר און בועזן, אין אַ שפּעטער זומערנאַכט.

— — — —

אין שייער, ווו די אָראָפּגענומענע תבואות פון די פעלדער האָבן געוואַרט אַז מען זאָל זיי קומען דרעשן, האָט בועז יענע נאַכט נישט געקענט איינשלאָפן. די מואבישע יונגפרוי, וואָס ער האָט זי נישט לאַנג צוריק געזען צום ערשטן מאָל, איז אים געשטאַנען

פֿאַר די אויגן. אָבער דער לאַנגער אַרבעטסטאָג אין פֿעלד האָט אים מיד געמאַכט און ער האָט פֿעסטער פֿאַרמאַכנדיק די אויגן אָנגע־הויבן קוים איינצודרימלען, ווען די שלאַנקע געשטאַלט פֿון רות האָט זיך לייכט אַריבערגעבויגן איבער זיין געלעגער און גערעדט צו אים אָנגעצונדענע רייד, וואָס אַזעלכע האָט ער נאָך קיין מאָל נישט געהערט. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס איז בלויז אַ פֿאַרבלענ־דעניש, אָבער גערן האָט ער זיך צוגעהערט צו איר שטים, וואָס האָט אים געוועקט און איינגעשלעפֿערט אין איין צייט:

מיין ליבּ איז דורשטיק אין די נעכט
און לעכצט נאָך צערטלעכקייטן פֿון אַ שטאַרקן אָרעם;
וואָס טויג די רונדקייט מיר פֿון מיינע גלידער
אָן דעם האַנטבאַריר צעגליטן פֿון אַ מאַן?
נאָר נישט פֿאַר דיינע יונגען איז מיין הייס באַגער;
פֿאַר מיר איז זייער בּליק נישט מער ווי רויע ווונד.
מיר איז געלעכטער זייערס בלויז נאָר אַ דערשרעקן
און ס'טוט זייער ווילדע קראַפֿט נישט וועקן מיינע גלוסטן.
נאָר דו בּיסט שעמעוודיק אַליין און טוסט די ווילִיקייטן מיינע וועקן.
זיי דו אַ מאַן, אַ שיצער מיר, אַ בועז!
אַז איך זאָל אונטער דיינע פֿליגלען קענען נעסטן.
ס'איז דאָ אַ לינדקייט אין דיין קול פֿאַר בענקעניש פֿון פּרויען,
ס'לייכטן טריישאַפֿטן אַרויס דיר פֿון די אויגן,
און דיר אַליין צופֿוסנס לייג איך מיין פֿאַרטרויען.

בועז האָט מיט אַ מאָל אויפֿגעריסן די אויגן. ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל אַז עס איז עמעצער דאָ אין שייער אַחוץ אים. דער קרעפֿטיקער מאַן איז געוואָרן אומרואיק און צעמישט, אָבער אַרום אים איז אַלץ געווען ווי פֿאַרגליווערט און ס'האָט זיך נישט געלאָזט הערן דער מינדסטער שאָרך. דורך די ברייטע שפּאַלטן פֿון די ווענט

האָט אַריינגעשיינט די לינדע זומערנאַכט און באַרואיקט זיין אויפ־געררודערט געמיט.

— אָט, האָט ער אין געדאַנק צו זיך געזאָגט: ס׳האָט זיך מיר מסתמא אויסגעדאַכט! און פּילנדיק ווי דער שלאָף באַפאַלט אים, האָט ער אויפגעהערט צו טראַכטן און נאָר געהאַט דעם ווילן איבערצושלאָפן רואיק די נאַכט.

אָבער באַלד האָט ער ווידער געזען פאַר זיך די געשטאַלטיקע רות. ער האָט זי געזען ווי זי גייט, אַ שטאָלצע, מיט איר בינטל זאַנגען איבערן קאָפּ צו נעמין אַהיים. דער טאָג איז שוין געווען צו ענד און אויפן פעלד ווו זי איז געגאַנגען האָט די זון אין דער שקיעה־שעה באַגאָסן מיט אַ געדעמפּטער ליכט די קאָנטורן פון די געבונדענע סנאָפּעס וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אין לאַנגע רייען. אַ שטאַרקע בענקשאַפט האָט בועזן אַרומגענומען, אַ געפיל פון נאָגנדיקער באַנגקייט וואָס האָט אים נישט געגעבן קיין רו. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און מיט אַ מאָל דערפילט די ממשותדיקע וואַרעמקייט פון אַ מענטש צופוסנס פון זיין געלעגער, און נאָך איידער ער האָט געזען ווער דאָס איז, האָט ער שוין געוווסט, אַז דאָס איז זי, די שטילע רות פון שדה מואב. אָבער ער איז נאָך אין דער מינוט נישט געווען אין גאַנצן זיכער צי ער זעט פאַר זיך אַ רעאַלע געשטאַלט, אָדער ס׳ציט זיך נאָך אַלץ ווייטער דער חלום, אין וועלכן ער איז געווען אַריינגעוועבט די נאַכט. האָט ער אויסגערופן אויף אַ קול:

— ווער ביסטו? און ווי קומסטו דאָ אַהער?

און באַלד האָט זיך אָפּגערופן אַ קוים זיך הערנדיקע שטים, וואָס איז אָבער געווען אָנגעזאָפּט מיט מוט און איינשטעלעניש:

— איך בין רות, דיין דינסט. איך וויל אַז דו זאָלסט אויס־שפּרייטן איבער מיר דעם זוים פון דיין קלייד, זאָלסט מיר זיין

אַ באַשיצער און אַן אויסלייזער, וואָרעם דו ביסט פון אלימלכס משפּחה און איך בין די אלמנה פון מחלון זיין זון.

— יאָ, אמת, האָט בועז געענטפערט, אַן אויסלייזער בין איך וויל, און דיין איצטיקע גוטסקייט שטייגט נאָך אַריבער דיינע שיינע מעשים פון פריער, וואָרעם דו ביסט נישט געגאַנגען נאָך די יונגע בחורים, צי אָרעם צי רייך, נאָר געקומען צו מיר, דיין קרוב, דיין גואל. און איצט זאָלסטו דיך נישט פאָרכטן. איך וועל טאָן וואָס דו פאַרלאַנגסט, ווייל יעדער ווייסט, אַז דו ביסט אַ רעכטפאַרטיקע פרוי, וואָס איז אַ צירונג פאַר איר מאַן. בלייב דאָ איבער נאַכט און מאָרגן וועל איך גיין צום טויער פון דער שטאָט און רעדן וועגן דער זאַך מיט די עלטסטע פון פאָלק.

— — — —

און דו ביסט אויפגעשטאַנען באַגינען נאָך איידער ס'האָט עמעצער געקענט דערקענען דעם אַנדערן, ווייל קיינער האָט נישט געדאַרפט וויסן, אַז דו האָסט איבערגענעכטיקט די נאַכט מיט בועזן אין שייער.

דערנאָך איז אַלץ געשען ווי בועז האָט פאָרויסגעזאָגט, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געפרייט אין בית־לחם. ס'איז געווען ווי אַלע וואָלטן אָפּגעפּילט די גרויסקייט פון דער געשעעניש, וואָרעם צום יאָר איז געבוירן געוואָרן פון אייער זיווג עובד, וואָס פון אים איז אַרויסגעקומען דוד, דער מלך פון ישראל.

# פּלאַטערל

דער מאָלער סאַפּיר איז געגאַנגען אויף און אָפּ אין זיין פאַרלייגטן אַטעליע, ווי ס׳האָט געהערשט די שטענדיקע „נאַר־מאָלע״ אומאָרדענונג. אין דעם אָרט איז ער, זינט יאָרן, געווינט געווען צו קומען אָפּזוכן זיין פאַרלוירענעם גלייכגעוויכט.

ער האָט נאָך אָפּגעפּילט ברוריהס פּולע ליפּן אויף זיינע און אין זיינע געמישטע געפילן האָט ער זיך כסדר געוואָרפן צווישן איבערראַשונג און בייסיקער אומרואיקייט פון געוויסן.

ער האָט נאָך אָפּגעפּילט די פלאַמען, וואָס האָבן אַרויסגעשלאָגן פון די פאַרבאָטענע קושן, און אין דער אייגענער צייט איז די אומרואיקייט אין אים נאָך אַנאַנד געוואָקסן. אַ צערודערטער, האָט ער זיך געפרעגט מיט וואָס דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן.

ער האָט זיך דאָך תמיד באַצויגן צו דער קליינער ברוריה ווי אַ פאָטער, וואָס האָט ליב זיך צוצוהערן צו די זומזענדיקע פלאַפּלערייען פון זיין בת־יחידה.

איצט ערשט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט אייגנטלעך שוין פון אַ צייט פריער געוווסט, אָבער זיך נישט מודה געווען, אַז ער האָט אפשר נאָך אַנדערש ליב דאָס דאָזיקע מיידל־קינד, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל גליאיקע צאַרטקייט, און פאַר וועמען ס׳האָט זיך אַזוי פריצייטיק אַנטפּלעקט דער סוד פון יענעם עפּעמערישן אָבער באַרוישנדיקן כישוף, קעגן וועלכן ס׳איז נישטאָ קיין אָפּוועהר.

און טאַקע: צי האָט ער דען נישט געזוכט איר נאָענטקייט? האָט ער זיך דען נישט געמיט זי וואָס אָפטער צו טרעפן?

און אָט זעט ער זיך אַרום, אַז ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ, וואָס ער האָט אַליין פאַר זיך פאַרלייגט. ער האָט דאָך מיט אייגענע הענט געשאַפן אַ לאַגע אָן אַן אויסוועג, אַ צו־שטאַנד וואָס טראָגט אין זיך אַן ערנסטע געפאַר סיי פאַר אים און סיי פאַר דער צוטרויליעכקייט פון אַ לעבן, וואָס וואַכט ערשט אויף און גייט נאָך בלינד דעם געפיל, וועלכער קען דאָך נאָר זיין אַדורכגייענדיק. אַ געפיל, וואָס וועט מוזן פאַרשווינדן אויף די זעלביקע מיסטעריעזע וועגן פון וועלכע ס׳איז געקומען.

— וואָס וועט איצט זיין? — האָט ער זיך געהאַלטן אין איין פרעגן, ס׳איז דאָך קלאָר, אַז איך דאַרף זי פון איצט אָן אויסמיידן, זיך פון איר דערווייטערן, אויב איך וויל נאָר זיין ערלעך צו איר און צו מיר אַליין.

אָבער ס׳האָט אים ווי געטאָן פאַר דער ברוטאַלער צעשטע־רונג פון דעם איידעלן געוועב. וועלכער איז פול מיט אַזוי פיל וווּנדער.

— דאָס איז דאָך אפשר, האָט ער זיך געזאָגט, פון יענע ליבשאַפטן, וואָס ווילן אַלץ און פאַרלאַנגען גאָרנישט. פון יענע סובלימע עמפינדונגען, וואָס אין זייערע בענקשאַפטן אַליין ליגט שוין זייער דערפילונג.

זיי טרינקען פון דעם אייביק פרישן קוואַל און לעשן קיין מאָל נישט זייער דורשט. אָבער פון זייער שטענדיקער דערוואַר־טונג קומט די איבערלעבונג פון יענער אינערלעכער פרייד, וואָס איז מער ווי גליק, ווייל ס׳איז די אָנהאַלטנדיקע בענטשונג, וואָס עס ברענגט מיט זיך דער נס, וועלכער קען נאָר טרעפן איין מאָל אין לעבן פון אַ מענטש.

מיט אַ מאָל האָט זיך סאַפּיר אָפּגעשטעלט. ער האָט געוואָרפן

אַ בליק אויפן אָנגעהויבענעם בילד פון אַ פרויענקאָפּ, וואָס האָט זיך געפונען אויף זיין מאָלער־געשטעל, און ס׳איז אין אים פּלוצלינג אויפגעקומען אַ געדאַנק, וועלכער האָט אין גאַנצן געענדערט זיין שטימונג.

ער האָט זיך נעמלעך דערמאָנט, אַז נאָך מיט יאָרן צוריק האָט ער זיך געהאַט פאַרמאָסטן אַרויסצובריינגען אויף דער לייוונט דעם סוזשעט פונעם ליכטפלאַם מיטן זומער־פייגעלע, וואָס פלאַטערט אַרום אים, זייענדיק אויסגעשטעלט יעדע רגע צו ווערן איינגעשלונגען דורך זיין פייער.

ער האָט אַפילו שוין געמאַכט פּרוּוון צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן פּראָיעקט, אָבער ס׳איז עפּעס נישט אַרויסגעקומען.

— ס׳פעלט נשמה, האָט ער זיך געזאָגט קוקנדיק מיט באַדויערן אויפן בילד, ס׳איז קאַלט, טרוקן און ס׳פילט זיך דאָ נישט דער צאַפּל פון לעבן אין זיין אַפּאָטעאָז, וועלכער טראָגט אין זיך גלייכצייטיק דעם טראַגישן סוף.

איצט איז אים, ווי אַ בליץ, אויפגעגאַנגען אַ ליכטיקייט אין מוח און מיט אַ ציטער אין דער נשמה, אָבער מיט אַ זיכערער האַנט, האָט ער אויף גיך אָנגעצייכנט די סקיצע פונעם בילד.

— דאָס דאַרף זיין, האָט ער צו זיך אַליין גערעדט, נישט קיין ברייטע לייוונט, דער סוזשעט פאַרלאַנגט אַ מיניאַטור, אַ געמעל, וואָס זאָל ווערן איינגעפּאַסט אין אַ שמאָלער ראַם.

סאַפיר האָט אַראָפּגענומען פון געשטעל דעם אָנגעהויבענעם פרויענקאָפּ און, אָנשפּאַרנדיק אים אָן דער וואַנט, אים אַוועקגעשטעלט אויפן דיל. מיט האַסטיקע באַוועגונגען האָט ער געמאַכט די צוגרייטונגען צו דער אַרבעט.

— פלאַטערל! — האָט ער, ווי אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, אַרויסגעפּליסטערט. דאָס איז געווען נישט בלויז אַ צערטלדיק וואָרט, אין וועלכן ער האָט אַריינגעלייגט זיין רעזיגנירטע ליב־

שאַפט, נאָר אויך עפּעס ווי אַ תפילה, אַז זיין ווערק זאָל געפינען חסד ביים איבער געוואַלטיקן כוח, וועלכער לענקט מיט דער שעפערישקייט פון אַ מענטש.

מער האָט ער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ער האָט געטונקען די פאַרבן אויף דער פּאַליטרע און זיין האַנט האָט זיך פיבערדיק באַוויגן איבער דער לייוונט.

ווי לאַנג האָט דאָס געדויערט? שעהען, צי אַ קורצע ווייל? און אפשר איז ער אַזוי אַן אייביקייט געשטאַנען אַנגעבויגן צום געשטעל און נאָר פון צייט צו צייט געמאַכט אַ טריט אויף צוריק און באַלד ווידער זיך דערנענטערט צו דער לייוונט, וועלכע האָט שוין אָנגעהויבן צו אָטעמען מיט אַן אייגן לעבן. דאָס פּאָרטיק ווערנדיק בילד איז געוואָרן איינס מיטן קינסטלער, איבערנע־מענדיק פון אים זיין אינטענסיוו אינערלעך איבערלעבן.

אַרום אַן אָוואַל פון אַ העלן ליכטפלאַם האָט געפלאַטערט, ווי פאַרשיכורט, אַ זומער־פייגעלע, וואָס האָט אונטערן אָפּשיין פונעם פלאַם געשפּריצט אַקעגן אים מיט ציטערדיקע פלעמלעך פון סאַמע־טענעם פיאָלעט, אין וועלכן ס'האָט אַדורכשעמערירט אַ דורכזיכטיקער בלוי פון קאָרנבלימלעך און אַ זוניקער געל.

ס'האָט זיך ווי געהערט אַ שטיל אָנהאַלטנדיק וויברירן פון פליגעלעך, אויף וועלכע ס'האָבן זיך אָפּגעצייכנט, אין דורכפלי, צעענפּטע אויגן פון אַנטציקונג.

אויך דער שטילער פלאַם האָט אויסגעזען זיך צו באַוועגן און זיין לויערנדיק פייער האָט זיך ווי געצויגן אין דער ריכ־טונג פונעם זומער־פייגעלע.

ס'איז געווען ווי אַן עקסטאַטישער טאַנץ אין אַ פּאַרצייטישן געצנדינערישן טעמפּל, אַ טאַנץ פון אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן ריטעם, פון וועלכן ס'שטראַלט אַרויס דער נישט־געשטילטער דורשט נאָך זינלעכקייט אין מאָמענט ווען זי ווערט נשמה.

— מער וועל איך דיך אין ערגעץ נישט טרעפן, האָט סאַפּיר מיט אַ באַוויגן געמיט גערעדט צום בילד, מער וועל איך דיך קיין מאָל נישט באַגעגענען, אָבער שטענדיק, שטענדיק וועל איך דיך איצט זען, פלאַטערל, מיין פלאַטערל!

אַן אויסגעשעפּטער איז ער אַרויפגעפאַלן אויף זיין געלעגער. אַ ראָזלעכע שיין האָט אַריינגעלויכטן דורך די שויבן. אין דרויסן האָט אָנגעהויבן צו טאָגן.

# אַ רגע...

אַ פול־געפּאַקטער זאָל אויף אַ יזכור־אָוונט פאַר די זעקס מי־ליאָן... אויף דער עסטראַדע האָט אַ שולמיידל רעציטירט, און אין איר אויג האָט זיך געוויזן אַ טרער, וואָס האָט זיך דאָרט פאַרהאַלטן אויף אַ רגע.

— — — —

דו, וואָס דו ביסט אַזוי ציטערדיק־צאַרט און פאַרעקשנט, אַזוי פיל איבערטראַכטנדיק און אַנטשלאָסן; ווער ביסטו?
ווי אַזוי איז צו דיר דערגאַנגען דער סוד צו געפינען אַן שטרויכ־לונגען דעם וועג צום מענטשלעכן האַרץ?
און דיין שטים, וואָס בעט און באַפעלט; דיין שטים, וואָס איז דערבאַרעמדיק און רופט צו נקמה; ווער האָט זי באַזילבערט, אַז זי זאָל אַזוי טיף אָפּקלינגען אין מענטשלעכן געמיט, זיך דאָרט איינקריצן און פאַראייביקן?!
דו ביסט נישט די פאַרב, נישט די לייוונט, נאָר דאָס בילד;
נישט די רגע, נישט די שעה, נאָר דאָס פאַרגייענדיקע וואָס בלייבט.
איך האָב געזען צעקרומטע פּנימער פון ווייטיק, מענטשן האַלב־בלינדע פון וויינען און די טעמפּקייט, וואָס אַ דאַנק איר האָב איך געקענט לעבן ווייטער, איז געבליבן אומבאַוויגן.
נאָר איין מאָל האָב איך געזען אַ טרער. אַן איינציקע טרער אין דיין אויג; און ס'איז געווען, ווי ס'וואָלט מיט אַ מאָל אויפגעהעלט אַן אַדורכשיינענדיק ליכט פון אַניקס און זיך פאַר מיר געוויזן אויף אַ רגע.

האָב איך מיך דערמאָנט, אַז ווען איך בין אַ קינד נאָך געווען, האָט מיר עמעצער געזאָגט, אַז עס זענען פֿאַראַן רגעס, וואָס דויערן דאָס גאַנצע לעבן.

און איך האָב מיך אויך דערמאָנט אָן אַ שעה, וואָס שוין פֿון לאַנג לעבט זי אין מיר מיט איר אייגן לעבן.

דאָס איז געווען זומער אין אַ פֿאַרשלאָפֿענעם דאָרף. דער פֿאַר־נאַכטיקער הימל איז שווער געלעגן איבערן פֿעלד. אַן איינזאַ־מער פֿויגל איז געפֿלויגן אין אַ קרייז און, אין רעגולערע ריטמען, אַרויסגעבראַכט אַ קורצן געשריי.

אין דער סצענע, וואָס די נאַטור האָט פֿאַר מיר געהאַט צוגעגרייט, איז געלעגן עפּעס אַ באַזונדערע קראַפֿט, וואָס האָט מיר צוגענאָגלט צו דעם אָרט.

איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, ווי כ'וואָלט אַליין געוואָרן אַרייַנ־געצויגן אין דעם טעאַטראַלן שפּיל און מיין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן מיטבאַוועגן מיטן קרייזנדיקן פֿלי פֿון דעם פֿויגל, וואָס האָט אַזוי טרייסטלאָז אויסגעשריגן עפּעס ווי אַ מענטשלעכע פּיין.

ביז ער איז נישט מיד געוואָרן זיך איינצוהערן אין זיין אייגענעם געשריי, וועלכער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט איינגעשטילט, נאָר בלויז איבערגעגאַנגען אין אַ פֿאַרלאַנגזאַמטן ריטעם.

דערנאָך איז ער ענדלעך אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט איבער־געריסן זיין אַרומקרייזן אין דער לופֿט און זיך אַראָפּגעלאָזט אַ פּאָר שפּאַן ווייטער אין פֿעלד.

באַלד האָבן זיך אָבער ווידער דערהערט זיינע קורצע רופֿן, וועלכע האָבן איצט שוואַך אָפּגעקלונגען אין דער נידער.

נאָר ווען איך האָב מיך אָנגעהויבן צו אים דערנענטערן, האָט ער פֿאַרצווייפֿלט גענומען פּאַטשן מיט די פֿליגלען, זיך קוים דערהויבן איבער די ווילדע גראָזן און אַוועקגעפֿלויגן אויף אַ ווייטערן שטח פֿון פֿעלד.

איך בין אַוועק און אויף שטענדיק מיטגענומען מיט זיך דאָס געשריי פון דעם פויגל, וואָס האָט נישט געוואָלט, אַז אַ מענטש־לעך באַשעפעניש זאָל אים טרייסטן...

אַ פול־געפּאַקטער זאָל אויף אַ יזכור־אָוונט פאַר די זעקס מיל־יאָן... אויף דער עסטראַדע האָט אַ שולמיידל רעציטירט, און אין איר אויג האָט זיך געוויזן אַ טרער, וואָס האָט זיך דאָרט פאַרהאַלטן אויף אַ רגע.

— — — —

וואָס שפּיגלט זיך אַלץ נישט אין דיין טרער, קליין שוועסטערל? וואָס הערט זיך אַלץ נישט אין די לאַנג־דויערנדיקע קלאַנגען פון דיין שטים? ס׳האָט אַ געקרענקטער פויגל זיך אָפּגעקערט פונעם מענטשלעכן מין, ווען דו ווילסט צוריקגעבן זיין געט־לעכע געשטאַלט.

דערפאַר איז איבערמענטשלעך דיין ווילן און ער צעאַקערט דאָס געמיט פון דעם, וואָס זוכט רו און קען זי אין ערגעץ נישט געפינען.

בריסל, אַפּריל 1969.

# דער אָנהייב פון אַ המשך

שרייבן אַ טאָגבוך? פאַר וואָס נישט? אָבער ס׳איז ווידער די פראַגע: פון וואַנען הייבט מען אָן?

מען דערציילט, אַז דער פראַנצייזישער שרייבער אַנדריי זשיד האָט אַ מאָל געזאָגט צו אַ פריינט, וואָס האָט אים געשטעלט די דאָזיקע פראַגע: „צי זענט איר דען נישט בכוח אָנצוהייבן פון וואָס עס זאָל נישט זיין? (...) בכל אופן דאַרף מען אָנהייבן שרייבן און נישט אויפהערן. דאָס וואָס האָט מיך געראַטעוועט אין אַ געוויסן פּעריאָד פון מיין לעבן, דאָס איז געווען מיין טאָגבוך״.

אין פלוג זעט אפילו אויס, אַז ביי אַ טאָגבוך דאַרף זיך אַזאַ פראַגע נישט שטעלן. כשמו כן הוא. מען הייבט אָן צו שרייבן פון לויפנדיקן טאָג און די פראַגע ווערט בטל פון זיך אַליין.

אָבער וואָס וועט ווערן מיט די טעג וואָס זענען אַ מאָל געווען און זיי זענען ביז היינט אין ערגעץ נישט פאַרפאַלן געוואָרן, זיי האַלטן זיך אויף אין דער שאַצקאַמער פון די פאַרגאַנגענע צייטן? זיי ציען זייער חיונה פון זייער אייגענער וויטאַליטעט און בלייבנדיק אויף אַ דיסקרעטער דיסטאַנץ באַגלייטן זיי אונדז אויף אַלע וועגן, מאָנענדיק ביי אונדז וואָס זיי קומט. ס׳טרעפט, אַז זיי האָבן צו אונדז טענות אויף דעם וואָס מיר האָבן פאַרפעלט, אויף דעם וואָס מיר האָבן אַ מאָל געקענט אויפטאָן און נישט אויפגעטאָן.

דערפֿאַר אָבער קען אויך אַ מאָל געשען, אַז אין אַ שווערן מאָמענטן זאָלן זיי אונדז קומען טרייסטן, אַז זיי זאָלן זיך אַוועקשטעלן, ווי מליצי־יושר, קעגן אונדזערע אייגענע באַשולדיקונגען און, אַ דאַנק עפּעס אַ זכות פֿון וועלכן נאָר זיי ווייסן דעם סוד, זאָלן זיי נישט דערלאָזן, אַז מיר זאָלן זיך אַליין פֿאַרמישפּטן.

קומט, בכן, אויס, אַז פֿון וואָס מען זאָל נישט אָנהייבן הייבט מען סיי ווי סיי אָן פֿון מיטן, און אָפֿט מאָל מוז מען זיך אפֿילו אומקערן צו די טעג פֿון אַ מאָל, טעג, וואָס זענען מיט אונדז, ווי מען זאָגט, געקניפּט און געבונדן. דער שטייגער פֿון צוריק אויפֿמישן אַ פּרק פֿון דעם פֿריער געשעענעם האָט אפֿילו אין ליטעראַרישן זשאַרגאָן אַ בפֿירושן נאָמען און רופֿט זיך: „פֿלאַש־באַק", און אומקערן זיך צו אַזעלכע מאָמענטן מוז מען, ווייל דאָס פֿריער איבערגעלעבטע, אַ מאָל אָפּגעפּילטע און דורכ־געטראַכטע, איז דאָך קיין מאָל פֿון אונדז, ווי געזאָגט, נישט אָפּגעטרעטן, האָט זיך לגמרי נישט אָפּגעריסן, נאָר בלויז אָפּגע־גאַנגען אַ פּאָר שריט אויף צוריק, ווי ווענדיק שאַפֿן די געהעריקע פּערספּעקטיוו, כדי דאָס אויג זאָל קענען בעסער אַרומנעמען דעם סוזשעט און אים ערלעך באַהאַנדלען.

וועל איך, לשם אויסערלעכער אָרדענונג, אָנהייבן פֿון היינ־טיקן טאָג און אויף וויפֿל די כוחות וועלן מיר דינען וועל איך דערנאָך ממשיך זיין די הויפּטמאָמענטן פֿון די גייענדיקע טעג, וועלכע וועלן מיך, אין זייער שטענדיקן פֿאָרויסגאַנג, צו מאָל צוריקפֿירן צום באַשטייענדיקן אַמאָל. און אַזוי האָף איך נאָך אַלץ צו קענען לערנען ביי די געשעענישן וואָס יאָ און וואָס נישט צו טאָן.

*

ס'איז אַכט אַ זייגער אין דער פֿרי. ס'איז נאָך דערווייל גאָרנישט געשען וואָס זאָל ווערט זיין, אַז מען זאָל עס פֿאַרציי־

כענען. דער טאָג איז נאָך ווי אַ געדאַנק, וואָס האַלט זיך ערשט אין אויספּיקן און האָט נישט די קאָנטורן, וואָס דאַרפן אים געבן זיין ענדגילטיקע געשטאַלט; ער ווייזט נאָך אַרויס די אומבאַהאָל־פנקייט פון אַ פּריש־געבוירן באַשעפעניש, וואָס ברענגט אָבער שוין מיט זיך נייע צוזאָגן אויף געראָטנקייט.

אָבער פאַר וואָס זאָג איך אַז עס איז נאָך היינט גאָרנישט געשען? און דער פאַקט, וואָס עס איז מיר באַשערט צו באַגעגענען אַ נייעם טאָג מיט נייע דערוואַרטונגען, מיט אַ נייער האָפענונג זיך צו טרעפן מיט מענטשן וואָס איך גלייב אין זייער פריינטשאַפט, דאָס איז דאָך פאַר זיך אַליין אַ געשעעניש.

דורכן פענצטער זע איך ווי אַרבעטסמענטשן מיען זיך אויס־צופלאַסטערן אַ נייעם וועג פאַרן אַריינגאַנג פון מיין הויז. ס׳וועט זיין אַ פאַרגעניגן, ווען אַרויסגייענדיק פאַר דער טיר וועט מען אַרויפגיין אויף אַ ריינעם ברוק, אָן בלאָטעס און אָן גריבלעך רעגן־וואַסער, וואָס וויפל מען זאָל זיך נישט אויסהיטן, שטאַמפערט מען דאָרט אַריין אין רעכטן מיטן.

אַנדערע פאַרען זיך אַרום ברעטער, סלופּעס און דרענגער; ס׳ווערט געגאָסן צעמענט; דאָס אַרבעט מען אויס אַ באַקוועמען צוגאַנג צום הויז, וואָס געפינט זיך אויף אַ נישקשהדיקער הייך, כמעט ווי אויף אַ באַרג.

אין די לעדערנע גאַרטלען האַלטן זיי כלים פון דער אַרבעט און מיט געשיקטקייט באַוועגן זיי זיך. ס׳איז וווּנדערלעך צו זען ווי אונטער די ריטמישע זשעסטן פון זייערע הענט ווערן פאַרטיק די אַלע ניצלעכע זאַכן פאַרן מענטש.

מאַשינען מיט אויסגעצויגענע העלדזער, ווי פאַרצייטיקע חיות, נורען זיך איין אין דער ערד מיט זייערע ברייט אויפגעריסענע מיילער; אַ וויילע בלייבן זיי אַזוי, נישטערנדיק מיט זייערע אומ־געלומפּערטע נעזער; מיט שאַרפע ציין בייסן זיי זיך איין אין

דער טיפקייט, נעמען אויף גרודעס ערד, און אַריבערדרייענדיק זיך אין דער פאַרקערטער זייט שפּייען זיי דאָס אויס אין לאַנגע קאַסטנס אויף רעדער, וועלכע וועלן אַלץ אַוועקפירן אין אַן אַנדער אָרט און דערמיט אויספילן גריבער און לעכער צו ניוועלירן דעם באָדן.

אויף נישט־פאַרענדיקטע דעכער פון קעגנאיבערדיקע בנינים באַוועגן זיך נאָך אַנדערע אַרבעטסמענטשן. ס'איז נישט לייכט צו זען, צי זיי פאַרנעמען זיך מיטן אויספּאַרטיקן די פלאַכע דעכער, אָדער זיי ציען אויף זיי אַריבער אויבערשטע שטאָקן. קונציק קלעטערן זיי אין די הייכן; טייל מאַכן דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן זיך געהאַלטן אין דער הוילער לופט; אַ רגע ציטערסטו איבערן גורל פון אַזאַ איינעם, אָבער באַלד כאַפּסטו זיך אַז עס איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן: דאָס זענען דאָך אַלץ געניטע פאַכלייט, וואָס קענען גוט דעם „וויאַזוי" פון דער אַרבעט און, ווי שטענדיק, וועט מן־הסתם אַלץ אַדורכגיין בשלום.

סיי די, סיי יענע פאָלגן נאָך אַנדערע צילן. זיי האַמערן אויס באַזונדערע ווערק. פאַרשיידענע באַלעבאַטים און מייס־טערס האָבן זיי דאָ אַהערגעבראַכט און יעדן איבערגעגעבן זיין אויפגאַבע. אָבער ס'איז דאָ עפּעס, וואָס פאַראייניקט זיי אַלע און מאַכט פון זיי איין חברותא.

און ביז עס וועט נישט ווערן נאַכט און די פיבערדיקע אַקטיוויטעט וועט זיך אָפּשטעלן, וועלן זיך כסדר הערן די קלעפּ פון די שווערע האַמערס, און די גערודערס פון די אָנקומענדיקע און אָפּפאָרנדיקע וועגענער; דער גערויש פון די מאָטאָרן, די קולות פון די עלעקטרישע זעגמאַשינען, און די באַפעלרופן פון די מייסטערס צו זייערע געזעלן.

מיט דאַנקבאַרע בליקן קוקסטו אויף דער דאָזיקער וועלט פון אַרבעט. אַוודאי באַקומען די בעלי־מלאכות באַצאָלט פאַר

זייער מי. אָבער ווען דו זעסט די אָנשפּאַנונג פון זייער ווילן, ווען דו באַנעמסט זייער טיפע זאָרג פאַר דער געראָטנקייט פון זייערע באַמיונגען — יאָ, די ליבשאַפט צו זייער ווערק — טראַכטסטו דערביי, אַז פאַר דעם באַצאָלט זיי קיינער נישט און דו מוזסט איינזען, אַז נאָר אונדזער דאַנק קען זיי דערפאַר טיילווייז באַלוינען.

און פון די אַלע קלאַנגען און גערוישן, וואָס גיסן זיך צונויף אין אַן איינציקן האַרמאָנישן פאַרטיסימאָ, גייען אויף אין חלל די קרעפטיקע טענער פון מייסטערישן שאַפן, דער לויבגעזאַנג צו דער מענטשלעכער אַרבעט.

*

גערן וואָלט איך דאָ צוגעגעבן, אַז עס איז אַ העלער און ליכטיקער פרימאָרגן, אַז די זון „גליטשט זיך מאַיעסטעטיש איבערן טיף-בלויען הימל", אָדער אין דעם ערך אויפצייכענונגען פון דער נאַטור, וואָס פאַרשאַפן יעדן פאַרגעניגן. אָבער ס'איז גראָד היינט אַ טריבער אינגדערפרי. דער הימל איז איינגעהילט אין אַ גרויער אומקלאָרקייט און מען קען נישט דערגיין זיינע כוונות; עס זעט פשוט אויס ווי ער וואָלט געווען ברוגז אויפן מענטש.

אָבער ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז דער אָנגעברוגזטער הימל וועט זיך שפּעטער נישט אויפקלערן? פאַר וואָס זאָל איך נישט אָננעמען, אַז באַלד וועט אַרויסגיין די זון און ס'וועט ווערן ליכטיק אין אַלע ווינקלען? מיר ווייסן דאָך גרייליך, אַז סוף-כל-סוף וועט אַזוי זיין, קען מען דאָך שוין איצט געניסן פון דעם שיינעם טאָג וואָס קומט אָן!

ווען ס'וועט אַ מאָל עמעצער לייענען די דאָזיקע בלעטלעך, וועט ער זאָגן: אַהאַ, דער דאָזיקער מענטש איז געווען אַן אָפּ-

טימיסט! ער האָט אַלץ אויסגעלייגט צום גוטן, אַלץ מקבל באהבה געווען.

אָבער, מיין ליבער אומבאַקאַנטער פריינט, ווער פון אונדז איז דען נישט קיין אָפּטימיסט? ווי וואָלט דען דער מענטש בכלל געקענט לעבן אויף דער וועלט אָן דעם ביסל אָפּטימיזם? ווי וואָלט אַ מענטש זיך אונטערשטאַנען בלויז אַדורכצוגיין אַ גאַס ווו ס'שוויבלט און גריבלט מיט טראַמווייען און אויטאָבוסן, לאַסט־וועגענער און אויטאָס אָן אַ שיעור, געפירט פון געניטע און אויך נישט־געניטע הענט, ווי וואָלט ער, זאָג איך, געפונען אין זיך גענוג איינשטעלעניש זיך אַרויסצולאָזן אויף אַזאַ סכנה, ווען ער זאָל נישט האָבן דעם גלויבן, אַז אים וועט נישט געשען קיין שום בייז און ער וועט אַהיים קומען צוריק אַ נישט־באַשע־דיקטער?

דער דאָזיקער גלויבן טאַקע איז אונדזער פעסטער אָנשפּאַר אין לעבן, ער פירט אונדז ביי דער האַנט דורך אַלע געפאַרן, און נאָר אַ דאַנק אים זענען מיר בכוח אויסצופירן די ראָל וואָס דער גורל האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט.

# ערשטע טעג

„מיט געהער פון אויער האָב איך דיך געהערט
און איצט האָט מיין אויג דיך געזען".
(איוב, מ"ב — ה')

ס'איז אַוועק אַן אייביקייט זינט יענער צייט. אָבער דער מאָמענט לעבט פריש אין זכרון, אַן דעם, אַז זיין אָפּגלאַנץ זאָל אויף אַ האָר זיין פאַרטונקלט געוואָרן דורך די שווינדלענדיקע קאַלירן פון אַ מענטשלעך לעבן.

צי בין איך שוין דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָר? צי האָב איך שוין ביז יענער צייט געהאַט אַ מאָל געהערט דאָס וואָרט ש ט אַ ר ב ן אָדער ט ו י ט? איך מיין גיכער אַז די דאָזיקע באַגריפן זענען מיר נאָך געווען פרעמד; זיי האָבן פּשוט פאַר מיר נישט עקסיסטירט.

פונדעסטוועגן האָב איך געוווּסט, אַז איך האָב נישט קיין טאַטע. יעדן אינדערפרי און אויף דער נאַכט האָב איך בציבור געזאָגט קדיש, שטייענדיק ביים הויכן עמוד נעבן דעם בעל־תפילה, איך האָב אויך געוווּסט, אַז די מאַמע איז אַן אלמנה און אַז איך אַליין בין אַ יתום.

איך בין געווען נישט קיין שלעכט יינגל, נאָר צוויי זאַכן האָב איך שטאַרק נישט געקענט ליידן. זיי זענען פאַר מיר געווען אַ הויל אַפּקומעניש און איך האָב תמיד געזוכט כלערליי אופנים זיך פון זיי אַרויסצודרייען. דאָס איז געווען: עסן און שלאָפן.

צוליב די צוויי איינגעבוירענע פעלערן מיינע האָט די מאַמע געהאַט אַ סך פון מיר אויסצושטיין און זי האָט געזוכט קעגן זיי כלערליי תחבולות. אָבער איך האָב אַלע מאָל געפונען נייע איינ־פאַלן זיך אַרויסצודרייען פון די דאָזיקע „אָנשיקענישן".

די מאַמע איז זעלטן ווען געווען אין שטוב, און איך בין גאַנצע טעג געווען אַליין. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען אַלץ וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין גרויסן הויף. קינדער האָבן זיך כסדר געשפּילט נעבן מיסטקאַסטן. עפּעס אַ קאַליקע מיט אַן אויסטערליש גרויסן קאָפּ איז געזעסן פאַר דער טיר פון אַ שכן און מיט אַ גרילצעדיקן קול אָפּגעלאַכט פון די דורכ־גייערס; שכנים האָבן זיך געקריגט, געזידלט איינער דעם אַנדערן און טייל מאָל זיך געשלאָגן.

איך האָב, נאָך אַזאַ געשלעג, לאַנג מיך נישט געקענט באַרו־איקן. ס'איז אַלע מאָל געווען איינער אַ שוואַכערער, און ס'האָט אויך געטראָפן אַז דער צעשלאָגענער האָט זיך צעוויינט. דאָס פלעגט מיך אין גאַנצן צעטרייסלען. ווען איך האָב געהערט אַ קינד וויינען, האָט עס מיך נישט געאַרט, איך האָב דאָס געזען יעדן טאָג. אָבער אַ דערוואַקסענער מענטש? אַ גרויסער, אַ שטאַרקער, וואָס קען טאָן וואָס ער וויל? זיין וויינען האָט צעשטערט מיין זיכערקייט און ווי אומגעוואָרפן מיין אייגענע וועלט. ס'האָט אָנגעהויבן צו ברענען אין מיר די אָפּגעטאָענע עוולה; ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס זענען מיינע אייגענע טרערן, און עס זענען מיך באַפאַלן פראַגן וואָס האָבן מיר נישט געגעבן קיין רו.

איין מאָל, אין אַן אויפדערנאַכט, איז די מאַמע געזעסן ביי מיין בעט וואַרטנדיק געדולדיק אויף דער מינוט ווען איך וועל איינשלאָפן. זי מוז אַליין שוין האָבן געוואָלט זיך אויסרוען נאָך אַ לאַנגן טאָג אַרומלויפן צווישן אירע קונים, די שטעטלשע באַלע־באָסטעס, וואָס פלעגן קויפן ביי איר שטיקעלעך זייף און אַנדערע

קלייניקייטן פאַר זייער באַלעבאַטישקייט. דערפון האָט דאָס די מאַמע אַרויסגעבראַכט איר ביסל חיונה.

איך בין אָבער נישט געווען שלעפעריק און איך בין געווען ווייט צו טראַכטן אַז אַ מאַמע קען גאָר זיין מיד. האָב איך, קוקנדיק אויף איר יונג פּנים, נישט געזען ווי ס'איז גערונצלט פון זאָרג, נישט געזען איר מידקייט און נישט אויפגעהערט זי צו פאַרשיטן מיט פראַגן: פאַר וואָס? און פאַר וואָס? ביז איך האָב געפרעגט:

— פאַר וואָס האָבן אַלע יינגלעך אַ טאַטע און איך נישט?

האָט מיר די מאַמע געענטפערט:

— דו האָסט אויך אַ טאַטע, נאָר דו זעסט אים נישט. דיין טאַטע איז דער פאָטער אין הימל און אים קען מען נישט זען. אָבער ער האָט דיך זייער ליב, אפשר נאָך מער ווי די אַנדערע טאַטעס האָבן ליב זייערע קינדער. דו דאַרפסט נאָר זען צו זיין אַ גוט יינגעלע, אַ סך לערנען און אויסוואַקסן אַן ערלעכער ייד, אַ למדן, וועט ער דיך קיין מאָל נישט פאַרלאָזן; ער וועט זיך תמיד אָננעמען פאַר דיר און נישט לאָזן דיר שלעכטס טאָן.

אַזוי האָט געזאָגט די מאַמע. איך האָב געוווּסט, אַז אַ מאַמע זאָגט קיין מאָל נישט קיין ליגן, פאַר וואָס האָב איך גראָד איצט איר נישט געזאָלט גלייבן?

שטאַרק האָב איך אין דער מינוט געוואָלט צו ליב טאָן דער מאַמען און שוין תיכף איינשלאָפן. דער שלאָף איז אָבער נישט געקומען. האָב איך פאַרמאַכט די אויגן און אַזוי געלעגן שטיל און געטראַכט, געטראַכט. די מאַמע האָט אַראָפּגעדרייט דעם לאָמפּ און פאַרלאָזט דעם צימער אויף די שפּיץ פינגער.

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב נישט קיין מורא געהאַט צו בלייבן אַליין אין דער פינצטער.

ס'איז ווידער געוואָרן ליכטיק אין צימער; עמעצער איז געשטאַנען נעבן בעט און זיך איבער מיר אַריבערגעבויגן. פאַר אַן

אַנדערן וואָלט איך מיך געוועזן סכּהנדיק דערשראָקן, אָבער איך האָב דאָך געוווּסט, אַז דאָס איז ער, דער פֿאָטער אין הימל. האָב איך פֿאַרטרוילעך אויף אים געקוקט און געוואַרט, אַז ער זאָל מיר עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט, ער האָט זיך בלויז נענטער צוגעבריגן צו מיר, געקוקט און געשמייכלט.

האָב איך אים עפּעס געוואָלט זאָגן, איך האָב שוין אַפֿילו געהאַט דאָס מויל געעפֿנט. אָבער, ווי ער וואָלט שוין פֿון פֿאָרויס אַלץ אַליין געוווּסט, האָט ער מיר געוויזן מיט אַ פֿינגער אויף די ליפּן און נאָך אַלץ אַזוי געשטאַנען, געשמייכלט און געשוויגן.

אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך ערשט פֿאַרשטאַנען, אַז די גרויסע ליבשאַפֿט פֿאַרטראָגט נישט קיין רייד, ווייל ס'איז נאָך נישט באַשאַפֿן געוואָרן דאָס וואָרט וואָס זאָל אַזוי פֿיל קענען זאָגן ווי דאָס שטילשווייגן...

# דער ערשטער האָנאָראַר

מיין שוועסטער פרידאַ

ביי מיינע ניין יאָר בין איך געווען אַ פלייסיקער תלמיד פון אַלטן, גוטן חדר, ווו ס'איז געטריי אָפּגעהיטן געוואָרן דער סטיל פון דער לאַנגאָניקער טראַדיציע.

די אויפטוען, וואָס די משכילים האָבן איינגעפירט אין די רעפאָרמירטע חדרים, האָבן דאָ נישט געהאַט קיין תקומה; דאָס איז געווען אַקוראַט גוט פאַר די „דייטשן", די יידן, הייסט עס, וואָס האָבן געטראָגן קורצע רעקלעך, גערעדט מיט „פּאַסעכער" און געשריבן יידיש לויטן אויסלייג פון די דייטשע לערנביכלעך. קינ־דער פון פרומע עלטערן אָבער האָבן, ווי מיט יאָרן צוריק, זיך דערצויגן אין פריערדיקן „שניט" און זענען טאַקע געווען אַ פרייד פאַר זייערע אבות אבותיהם אין גן־עדן.

איך בין מיט מיין מערכה געווען הויך צופרידן. איך בין געווען גליקלעך, וואָס מיר איז געווען באַשערט צו לעבן צווישן גאָטספאָרכטיקע יידן, נישט צו דאַרפן טיילן דעם גורל וואָס וואַרט אויף די, וועלכע געפינען זיך אויף יענער זייט גרענעץ.

מיט וויליקייט האָב איך געפאָלגט און געטאָן אַלץ, וואָס מען האָט מיך געהייסן, און מיט התמדה האָב איך געלערנט „פסוק" און אויסגעזונגען גלאַטיק די מישנה פון „שנים אוחזין בטלית".

חוץ ימים־טובים און שבתים, איז בלויז איין טאָג אין יאָר געווען פאַר אונדז, חדר־יינגלעך, אַ יומא דפגרא: דאָס איז געווען דער געבוירן־טאָג פונעם צאַר ניקאָלאַי דעם 2טן, דער טאָג

איז געווען „אַ גאַלעווקע״. באַלד אין דער פרי איז מען געגאַנגען אין דער שול אַריין הערן ווי די שילערס פון דער יידישער עלעמענטאַר־שול זינגען „באָזשע צאַריאַ כראַני!״; נאָך דעם זענען מיר געווען פריי דעם גאַנצן טאָג.

מען האָט מיט גרויס חשק גענאָסן פון דעם געשענקטן פרייען טאָג. ס׳איז געווען זומער און מען האָט זיך געלאָזט אויף אַ שפּאַציר אין שטאָטישן פּאַרק, ווו דער מיליטערישער אָרקעסטער האָט געשפּילט פריילעכע מאַרשן. צווישן די שפּאַציר־גייערס אינעם פּאַרק האָבן דער עיקר צוגעצויגן אונדזערע בליקן די עלעגאַנטע רוסישע אָפיצירן, וואָס מען האָט אויף זיי דערציילט אַז זיי טראָגן קאָרסעטן אונטער די רעקלעך, און די גימנאַזיסטן אין זייערע בלויע אוניפאָרמען און לעדערנע דאַשקעס, וועלכע האָבן זיך אונטערהאַלטן מיט יונגע דאַמען.

מיר האָבן געפּיקניקט אויפן גראָז מיט אַ געוואַלטיקן אַפּעטיט און ס׳איז אין אונדז אויפגעקומען דער געדאַנק אַז די „אויסערלעכע״ וועלט האָט זיך אויך אפשר איר חן.

ס׳איז געווען אַ טאָג אין מיטן זומער; דורכן אָפענעם פענצטער איז די זון אַריינגעדרונגען אין חדר און אויספאָרמירט אַ ליכטיקן פירעק אויפן דיל.

דער רבי, אַן אויסגעבלייכטער ייד אין די מיטעלע יאָרן, איז געשטאַנען באַגאָסן מיט ליכט אין מיטן חדר; זיין אָפּגעמאָגערט פּנים, וואָס האָט אויסגעזען ווי פאַרלענגערט צוליב דער שמאָלער, שפּיציקער באָרד, האָט מיט אַ קרעפטיקער שטים, ווי זי וואָלט נישט געקומען פון אַזאַ נזירישן גוף, אַרויסגעזונגען די ווערטער, וואָס האָבן לאַנג אַרומגעוועבט אין אויסגעוואַרעמטן חלל.

„נאָך וואָס טויגן מיר אייערע קרבנות? — זאָגט גאָט,
און ווען איר קומט אייך וויזן פאַר מיר,
ווער בעט אייך דען צו פאַרבלאָטיקן מיינע הייף?

טוט בעסער גערעכטיקייט צום יתום!
נעמט אייך אָן די קריוודע פון דער אלמנה!״

דאָס איז געקומען ווי אַ דונער, ווי אַ געוויטער, און פונ־דעסטוועגן האָבן מיר געקוקט אויפן רבין אָן מורא, צושאָקלענדיק מיט די קעפּ, און מיר האָבן אין די מינוטן דערפילט אַז זיינע רייד האָבן זיך אויף תמיד איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער.

אַהיים קומענדיק האָב איך גלייך אויפגעזוכט דעם ספר ישעיה און אָפּגעמאַכט ביי מיר אויסצולערנען דאָס ערשטע קאַפּיטל אויף־אויסווייניק. עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך שוין אַרומשפּאַצירט אין די גאַסן נאָך די חדר־שעהען, שפּעטשענדיק פאַר זיך די פּסוקים פון ישעיה הנביא.

אויפן טעפּערמאַרק האָבן יידישע קרעמערס אָן קונים מיך אַריינגענומען אין זייער רעדל. (פון וואַנען האָבן זיי שוין גע־ווּוסט?) אַ ביסל האָבן אויף מיר געווירקט זייערע צעשמייכלטע פּנימער און אַ ביסל האָב איך דאָס אַליין געוואָלט, אָבער איך האָב מיך נישט אָקעגנגעשטעלט, כאָטש איך בין אייגנטלעך גע־ווען אַ שעמעוודיק יינגל, און איך האָב פאַר מיין בכבודיקער אוידיטאָריע אָפּגעזאָגט מיטן רבינס ניגון דאָס גאַנצע ערשטע קאַפּיטל פון ישעיה.

איך בין אַהיים געקומען דעם פאַרנאַכט מיט אַ פריילעך האַרץ; איך האָב, נעמלעך, געהאַט פולע טאַשן מיט נאַשוואַרג, וואָס האָט מיר געקלעקט אויף לאַנגע וואָכן.

ווען איך בין מיט יאָרן שפּעטער דערגאַנגען דעם נאָמען פון אַזאַ באַלוינונג, האָב איך מיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען מיין ערשטער האָנאָראַר.

# לייבקע סופר

צווישן די מלמדים, וואָס אין זייערע הענט האָבן יידישע טאַטע־מאַמע איבערגעגעבן זייערע קינדער צו דערציִען[1], האָבן זיך אין פוילישן שטעטל קאָנין באַזונדער אַרויסגעהויבן די שאַר־פע סילועטן פון לייבקע סופר און מאירל מלמד.

אַזוי האָבן זיי אַלע גערופן און זייערע ריכטיקע נעמען זענען אויף שטענדיק געבליבן פאַר מיר אַ סוד. וועגן לייבקע סופר האָט מען בלויז געוווּסט, אַז ער איז מיט יאָרן צוריק געקומען פון דער ליטע און פון דאָרט מיטגעבראַכט דעם נאָמען לייבקע. (אויפן שטעטלשן לשון האָט ער באַדאַרפט הייסן „לייבכיע״).

ס׳קען זיין, אַז ער האָט אַ מאָל געשריבן ספרי־תורות זיצנדיק איינגעהילט אין אַ טלית און גייענדיק זיך טובל זיין ווען ער האָט געהאַלטן ביים אַרויסשרייבן דעם שם וכדומה, אָבער דאָס וואָלט עפּעס נישט געשטימט מיטן כאַראַקטער פון דעם פריי־לעכן, תמיד אויפגעלייגטן פאָלקסמענטש, וואָס איז געווען ווייט זיך אַרויסצוּווייזן מיט זיין פרומקייט, שטענדיק געווען גרייט אָפּ־צולאַכן פון די „פאַרקנייטשטע״ מתנגדים, ווער שמועסט נאָך פון די „חסידאַקעס״ מיט זייערע „פאַרעכצער״ צו די רביים, וועלכע זענען, ווי ער פלעגט זאָגן, אוכלים ושותים כבני־אָדם ומתים כבני־אָדם[2].

און אפשר האָט ער יאָ אַ מאָל געטאָן די מלאכת הקודש און זיך שפּעטער ערשט גענומען צו מלומדות, ווייל דאָ האָט ער

געפונען אַ באַפרידיקונג פאַר זיין איינגעבוירענעם חוש פאַר חינוך, אין וועלכן ער האָט זיך טאַקע אויסגעטיילט צווישן אַלע אַנדערע מלמדים פונעם שטעטל?

זאָגן אַז ער האָט געלערנט מיט אַ סיסטעם — וואָלט געווען אַ גוזמא. אָבער ער האָט מיט זיין עמפּיריסטישן צוגאַנג כסדר געזוכט צו דערגיין צו עפּעס אַן אייגענער שיטה, און ס'איז אים צו מאָל אָפּגעראָטן אַרויסצורופן ביי די תלמידים אַ חשק צום לערנען. דאָס וואָס איז נישט געלונגען קיינעם פון זיינע אַנדערע קאָלעגן.

נישט געקוקט אויף זיין היפּשן עלטער איז ער געווען נאָענט צו דער קינדערוועלט, פאַר וועלכער ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש. ער האָט אָפּט אַריינגעבראַכט אין לערנען אַ קערנדל הומאָר, וואָס האָט די תלמידים צוגעגעבן אַ סך אויפגעלייגטקייט. אַזוי האָט ער אַ מאָל, בעת מיר האָבן געלערנט אין פסחים, די סוגיאָ פון נ ג ע ב ח ר ס ו ש ל ת נ ו ר,[3] אונדז אָנגעזאָגט צו געדענקען, אַז דער אַ „נגע" איז נישט דער פּוילישער „נאָגאַ" (וואָס באַטייט: אַ פוס).

איך בין כמעט יעדן טאָג געקומען אויף אַ וויל צו מיין חבר „יוקעווולייב" אין הויז. זיין פאָטער, ר' שמחה סאַרנע, אַ ייד אַ סוחר און אַ בן־תורה, פלעגט אין די שבתדיקע נאָכמיטאָגן גיין מיט אונדז שפּאַצירן הינטער דער שטאָט. ער האָט אונדז תמיד געפירט אין די ערטער ווו פויערן זענען געווען פאַרטאָן אין זייער אַרבעט. דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל געזען פון דער נאָענט אַן אַקער־אייזן און אַן אָקסן־געשפּאַן, דאָרט האָב איך אויך צום ערשטן מאָל געקענט אויפכאַפּן די ברייטע באַוועגונגען פון אַ פויערישער האַנט, וואָס נאָך יעדן שליידער שעפּט זי פון אַן אַרומגעבונדענעם פאַרטעך איבער די לענדן פרישע זריעה פאַר די צעעפּנטע בייטן. ווען די פעלדער זענען געווען צעבליט איז ר' שמחה געווען

שווייגנדיק פּאָרטראַכט; ער האָט לייכט איינגעבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט, ווי ער וואָלט אויסן געווען זיך צוצוהערן צו די שטילע גערוישן פון דער יצירה.

איין מאָל האָט ער אין אַזאַ מאָמענט אַרויסגערעדט עטלעכע ווערטער וואָס האָבן אונדז שטאַרק איבערראַשט; ער האָט געזאָגט:

— אַ שאָד, אַ שאָד וואָס איך בין נישט געבוירן געוואָרן אַ פויער! דער פויער, האָט ער צוגעגעבן קוקנדיק אויף אונדזערע פאַרוווּנדערטע פּנימער, דער פויער לעבט זיך רואיק און צופרידן; איז פריש און געזונט; ער האָט נישט קיין זאָרגן און ס'דאַרט אים נישט דער קאָפּ, אַז טאָמער וועט בערל אָדער שמערל נישט צאָלן דעם וועקסל צו דער צייט; אַז מען וועט ביי אים מאָנען מער שטייערן ווי ער פאַרדינט אדג״ל.

ערשט שפּעטער, ווען ס'איז מיר געקומען אין דער האַנט אַריין אליקום צונזערס אַ ביכל מיטן ליד „אין סאָכע ליגט די מזל-ברכה״, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען וואָס ר' שמחה, דער ייד מיט דער נגידישער הלבשה און מיט די איידעלע מאַנירן, האָט דעמאָלט געמיינט. אָבער דאָס האָט שוין צו טאָן מיט מיין אָנקומען לערנען אין אַ חדר מתוקן,[4] וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין קאָנין דורך אַ גרופּע משכילים און טאַקע מיט ר' שמחה סאַרנע אין דער שפּיץ.

דערווייל לערנען מיר נאָך ביי לייבקע סופר, און יוקעווליב. וואָס האָט פאַר מיר קיין סודות נישט, ווייזט מיר אַ מאָל אַ קאַטאַלאָג פון אַ לאָדשער פירמע וואָס אַרבעט אויס סטעמפּלען. פון וואַנען דער קאַטאַלאָג האָט זיך צו אים גענומען ווייס איך נישט עד היום, איך געדענק נאָר, אַז צוזאַמען האָבן מירביידע באַוווּנדערט די אויסגעטאָקטע, געציקטע און באַבלימטע בוכשטאַבן מיט די גראַווירטע באַפּוצונגען, אַלץ מיט דריידלעך און פּאַסיקלעך, אַז עס האָט אַזש גענומען שווינדלען אין די אויגן.

אונדזער פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט און ס׳איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק זיך איינצושאַפן סטעמפּעלעך מיט אונדזערע אייגענע נעמען און אַדרעסן.

— ווייסט גאָר וואָס ? — האָט זיך פּלוצעם יוקעווולייב צו מיר אָנגערופן, מ׳קען דאָך ביי דעם געשעפט שיין פאַרדינען! לאָמיר אויפנעמען באַשטעלונגען ביי די יינגלעך! ווער וועט דאָס נישט וועלן האָבן אַן אייגענעם סטעמפּל און זען זיין נאָמען אָפּגעדרוקט אויף רויט, אויף בלוי און אויף אַלע אַנדערע קאָלירן ?

איך האָב, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט געקענט האָבן קעגן אַזאַ גאָלדן שותפות־געשעפט, און מיר האָבן תיכף זיך גענומען צו דער זאַך מיטן גאַנצן ברען פון אונדזער נאָר וואָס אויפגעוואַכטן סוחרישן חוש.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, זענען די חומשים און אַנדערע ספרים פון חדר געוואָרן פול מיט די נעמען און אַדרעסן פון די חדר־יינגלעך. ס׳איז געווען ווי אַ מגיפה, ווי אַ פּשוטע פאַרפלייצונג.

ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז די זאַך האָט נישט געקענט בלייבן קיין סוד. אַוודאי זענען אַלע שולדיקע געוואָרן באַשטראָפט, אָבער קיין קלעפּ האָבן מיר אויך דאָס מאָל נישט באַקומען. דער רבי האָט אַדורכגעפירט אַ שטרענגע אויספאָרשונג און אַלע יינגלעך האָבן געמוזט באַווייזן פון וואַנען זיי האָבן גענומען געלט אויף א סטעמפּל. דערנאָך ערשט, ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיינער האָט, חלילה, נישט געגנבעט, נאָר אָפּגעשפּאָרט פון זיין אייגן טאַשנגעלט, האָט דער רבי אַרויסגעגעבן זיין פּסק, אַז אַלע סטעמפּלען, צוזאַמען מיט די טושקעסטלעך, ווערן אויפן אָרט קאָנפיסקירט; און וואָס שייך די הויפּטשולדיקע, ד״ה יוקעווולייבן און מיר, האָבן מיר געמוזט מגלה־זיין וויפל מיר האָבן פון דער לאָדזשער פירמע באַקומען ראַבאַט און דעם גאַנצן ריווח האָבן מיר געמוזט אומקערן אונדזערע קונים, וועלכע האָבן נישט אויפגע־

הערט דערנאָך פון אונדז אָפּצושפּעטן. חוץ מזה האָט דער רבי פון דעמלט אָן אונדזביידן גערופן מיטן שיינעם נאָמען „פּירווע-גילדעניקעס״.

*

די חדר־ייִנגלעך, ווי זיי זאָלן זיך איצט נישט געפינען, געדענקען נאָך זיכער אַזאַ ווינטער־אָוונט, ווען דער שניי האָט געפּאַטשט אין די שויבן און מען איז געווען גליקלעך זיך צו געפינען אין וואַרעמען חדר, געשיצט פון דער נאַסער קעלט אין דרויסן.

ביים איינגעהייצטן אייוועלע איז געזעסן מיט אַ פרום פּנים די רביצן, געטאָן עפּעס אַ היימישע אַרבעט און צוזאַמען מיט אונדז זיך צוגעהערט צו דער פאַרכאַפּנדיקער געשיכטע וואָס דער רבי האָט, אַריבערבייגנדיק זיך איבער אַן אויפגעמישטן ספר, אַרויס־געלייענט מיט אַ זינגענדיקן קול:

„איש היה בארץ עוץ איוב שמו...״ ס׳איז געווען אַ מאַן אין דעם לאַנד עוץ און זיין נאָמען איז געווען איוב...

מיר זענען באַלד ביי די ערשטע ווערטער געוואָרן מיט־געריסן מיט דער אויסטערלישער טרעפּעניש, וואָס איז זיך אַ מאָל פאַרלאָפן אין דעם לאַנד וואָס הייסט עוץ; און וואָס מער דער רבי האָט געלייענט, געזונגען און געזאָגט, אַלץ טיפער זענען מיר געוואָרן אַריינגעצויגן אין דעם מוראדיקן געוועט, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן דעם רבונו־של־עולם און, להבדיל, דעם שטן:

— האָסטו געזען דאָרט אויף דער ערד — זאָגט גאָט צום שטן — מיין גוטן פריינט איוב, וואָס איז דער לייטישסטער פון אַלע מענטשן?

— אַ גרויסע קונץ! — זאָגט דער שטן — אַז אים איז ווויל ווי די וועלט. ער פאַרמאָגט די גרעסטע רייכטימער, האָט כבוד

און אַלץ וואָס אַ מענטשן קען זיך נאָר פאַרגלוסטן. דו גיב אים נאָר איבער אין מיינע הענט, וועלן מיר זען וואָס עס וועט ווערן פון זיין פרומקייט!

און ווען דער רבי דערציילט ווי איוב האָט אָנגעוואָרן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט און ווי ער זיצט אויף דער ערד אויס־געשמירט אין אַש, שאָבנדיק זיין צעווייטיקט לייב מיט אַ צעבראָ־כענעם שאַרבן, דערוועקט זיך אַ שינאה אין אונדז צום שטן, אַ שינאה וואָס וועט שוין אָנהאַלטן אייביק, אייביק.

דער רבי נעמט נאָך אַלץ נישט אַרויס די אויגן פונעם ספר און מיט אַ געבראָכן, אָבער נאָך אַלץ זינגענדיקן קול זאָגט ער ווייטער:

„פתח איוב את פיהו ויקלל את יומו...״ האָט איוב געעפנט זיין מויל און פאַרשאָלטן דעם טאָג פון זיין געבוירן...

ביי וועלכער סיפור־המעשה האָט מען געקענט זיין מער געשפּאַנט, צו וויסן וואָס ווייטער וועט זיין? וואָס עס וועט זיך אויסלאָזן פון דעם געוועט, וואָס די וועלט אַליין שטייט דאָ אין קאָן?

ווער קען האָבן פאַרגעסן יענע שעהען? עס זענען שוין אַ סך יאָרן אַדורך זינט יענער צייט. ס'איז מיר טייל מאָל אויסגעע־קומען זיך צו באַגעגענען מיטן העלד פון דאָזיקן ספר. דער אומשולדיק געליטענער נעמט אַלע מאָל אָן אַן אַנדער געשטאַלט, אָבער יעדעס מאָל קומט מיר אויפן געדאַנק דער זעלביקער אַלטער רבי, וועלכער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מיך אַריינ־געפירט אין דעם פאַנטאַסטישן לאַבירינט, אין אַ מאָמענט, ווען איך בין קוים געשטאַנען אויף דער שוועל פון דער מיסטעריע, וואָס הייסט לעבן.

*

זומערצייט איז דאָס זיצן אין חדר אויסגעפאַלן שווערער ווי אין ווינטער. אין דער אָנגעהיצטער לופט האָט דאָס לערנען

אונדז גיך מיד געמאַכט און מיר האָבן מער געקוקט אויפן וואַנט־זייגער ווי אין דער גמרא. אָבער דער זייגער האָט זיך ווי נישט גערירט פון אָרט, ס׳האָט פשוט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך אין גאַנצן געהאַלטן ביים אָפּשטעלן.

פאַרן רבין איז דאָס נישט געווען קיין סוד, און אפשר האָט ער אַליין אויך געליטן פון דעם מין פאַרגליווערטקייט? ס׳איז געווען קענטיק, אַז ער זוכט תחבולות אַרויסצוקריכן פון דעם צושטאַנד. אַזוי האָט ער אַלע אַריינגעוואָרפן, אויף זיין שטייגער, אַ ווערטל, און אַנשטאָט קלעפּ — זיך געוויצלט אויפן חשבון פון אַ פאַרשולדיקטן תלמיד.

איין מאָל, אין אַזאַ טאָג, האָט ער איבערגעריסן דאָס לערנען און זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן דער שטוב. מיר זענען געווען געשפּאַנט צו זען וואָס דאָ וועט זיין. דער רבי האָט זיך אָבער נישט געאיילט. ווי ער וואָלט נאָך געהאַלטן אין יישובן זיך וועגן עפּעס, האָט ער פּאַמעלעך איבערגעמישט דאָס קאָלירטע שער־בלעטל פון אַ קליין ביכעלע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, און ענדלעך אַרויסגעזאָגט: „דאָס מעסערל״ פון שלום־עליכם...

לאָמיך דאָ דערמאָנען, אַז מיר, יידישע יינגלעך אין עלטער פון צען־עלף יאָר, האָבן נישט געוווּסט פון קיין אַנדערע מעשהלעך ווי די, וואָס ווערן דערציילט אין די באַקאַנטע מוסר־ספרים, ווו ס׳רעדט זיך מיט אַלע פּרטים וועגן די שטראָפן, אויף וועלכע עס זענען פאַרמישפּט די רשעים אין גיהנום. מיר זענען טאַקע געווען איבערגעשראָקן אויף טויט, האָבנדיק תמיד פאַר די אויגן די מאוימדיקע פּייניקונגען, וואָס וואַרטן מן־הסתם אויף אונדז נאָכן חיבוט הקבר, ווייל ווער איז דאָס נישט איינגעטונקט אין זינד ביז איבערן קאָפּ? ווער קען דאָס, למשל, זיין זיכער, אַז ער האָט גרינטלעך פאַרברענט אַלע נעגל ביים אָפּשניידן און ער

ווער נישט מוזן, געוואַלט געשריגן, נאָכן טויט אַרומבלאָנקען זיך איבער דער גאַנצער ערדקאָרע, איבער אַלע זומפּן און זאַמד־גרונטן אויפצוזוכן ביזן מינדסטן נעגעלע? און אויב, חלילה, אַזאַ פּיצל נעגעלע האָט זיך דערקייקלט ערגעץ אויפן גרונט פון אַ טייך, צי גאָר אַראָפּגעזונקען אין טיפן ים אַריין?

אָדער נעמט כאָטש דעם פּסוק וואָס קער זיך אָן צו יעדנס נאָמען, דער פּסוק, וואָס מען מוז אים אָן שום תירוץ געדענקען אין דער רגע ווען ס'וועט קומען דער מלאך דומה און וועט פרעגן: מה שמך? ווער קען דאָס פאַר זיך ערוב זיין, אַז כאָטש מען חזרט איין דעם דאָזיקן פּסוק יעדן טאָג, וועט מען נישט אין דער בהלה אַלץ האָבן פאַרגעסן?

אָבער „דאָס מעסערל" איז אפשר פאַר אונדז געווען דאָס, וואָס פאַר קאָלאָמבוסעס מאַטראָזן איז געווען דער פלעק ערד, וואָס זיי האָבן דערזען ווען זיי זענען געווען אַזאַ צייט פאַרלוירן צווישן הימל און וואַסער. ס'איז פאַר אונדז מיט אַ מאָל אַנטפּלעקט געוואָרן אַ שפּאָגל נייע וועלט, און דאָס איז געקומען אַזוי אומ־געריכטערהייט, אַז מען האָט זיך עס פּשוט נישט געקענט צו־גלייבן.

איז דאָס נישט געווען ממש אַ נייע וועלט, אַ לחלוטין אומבאַקאַנטע, אַ פאַר אונדז לגמרי נישט־עקסיסטירנדיקע? דער איבערגאַנג איז געווען אַזוי געוואַלטיק, אַז מיר האָבן, צוזאַמען מיט דער אומגעוויינטלעכער פאַראינטערעסירונג, זיך נישט אויפגע־הערט צו חידושן איבער דער זאַך.

איידער דער רבי האָט אָנגעהויבן צו לייענען פון ביכל אַרויס האָט אַ יינגל, ס'איז דאַכט זיך געווען שמשון דעם טרייבעטשערס בכור, געזאָגט דעם שיעור. זיין מאָנאָטאָנער ניגון האָט זיך אַריינ־געגאָסן אין דער וואַרעמער לופט און האָט אונדז אַלע איינגע־שלעפערט. אויפן הויף איז דעם רבינס ציג געווען צוגעבונדן

צו אַ פלאַקן, און קייענדיק פון אַ בינטל גרינס האָט זי אַלע מאָל געכאַפּט אַ בליק דורכן אָפענעם פענצטער, ווי וועלנדיק דערגיין: צי עמעצער פון די חברה־לייט האָט נישט אַ מאָל בדעה זיך צוצושאַרן צו איר ציטערדיקן בערדעלע און דאָרט אויסרייסן אַ האָר.

אָבער מיר זענען געווען איצט הימלווייט פון אַזעלכע בייזע כוונות. מיר זענען דאָס מאָל געווען צוגענאָגלט צו די ערטער און נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פונעם רבין, וואָס איז געשטאַנען מיט איין האַנט פאַרלייגט אויף הינטן, בעת אין דער אַנדערער האָט ער געהאַלטן דאָס קליינע ביכעלע, פון וועלכן ער האָט אַרויסגעלייענט אַ מעשה וועגן אַ יינגל, וואָס חלשט, גייט אויס צו האָבן אַן אייגן מעסערל, און געפינענדיק זיך אַליין אין אַ צימער ביי אַ גאַסט וואָס שטייט איין ביי זיינע עלטערן אין הויז, זעט ער ליגן פונקט אַזאַ מעסערל, וואָס ער האָט זיך פון שטענדיק־אָן געוווּנטשן צו האָבן... אָ, כאַטש נעמען דאָס צו זיך אויף אַ מינוט־קעלע! זען ווי דאָס וועט אויסקוקן ווען ס'וועט ליגן ביי אים אין טאַש!..

נאָר ווי, וויי! ווו טוט מען זיך אַהין מיט אַ געגנבעטער זאַך? ס'דאַכט זיך אים נאָר, אַז אַלע מענטשן קוקן אים נאָך, פונקט ווי זיי וואָלטן געוווּסט אַקוראַט וואָס אַזוינס ער באַהאַלט ערגעץ אויפן בוידעם. אַפילו די לבנה אַליין זעט ביי נאַכט ווי ער נעמט אַרויס „זיין" מעסערל פון באַהעלטעניש, וועלנדיק זיך מיט דעם קוויקן ווייט פון אַ מענטשלעך אויג!

מיט פאַרפלאָמטע פנימער, פונקט ווי דאָס וואָלטן מיר אַליין זיך געווען אַרומגעשלעפּט מיט אַ געגנבעטן חפץ, גייען מיר נאָך דעם רבין ביז עס קומט דער גליקלעכער סוף, ווען דאָס יינגל פונעם מעסערל וואַרפט אַוועק די גנבה אין ברונעם אַריין און נעמט אויף זיך — קיין מאָל נישט מער אָנצורירן קיין פרעמדס.

ערשט איצט אָטעמען מיר פרייער אָפּ, און צוזאַמען מיטן העלד

פון דער זעלטענער געשיכטע נעמען מיר אויף זיך צו זיין תמיד ערלעכע און כשרע יידן.

*

הגם לייבקע סופר איז נישט געווען פון די דרדקי מלמדים און שוין געלערנט מיט האַלב־דערוואַקסענע בחורימלעך, האָט ער נאָך געטריי אָפּגעהיטן יעדעס יאָר דעם שפּאַציר פון ל״ג בעומר.

דער טאָג איז פאַר אונדז געווען דער טייערסטער יום־טוב אין יאָר. מיר זענען דעמלט אַרויסגעגאַנגען מיטן רבין אין דער שפּיץ אויף דער „בלאָנע״, צו וועלכער ס׳האָט געפירט די קורצע שולגאַס. דאָס איז געווען אַ מין סטעפּ, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ גרויסן שטח הינטער דער שטאָט, און ווו ס׳האָבן געפלעגט פאָרקומען די רייטער־איבונגען פון רוסישן קאַוואַלעריע־פּאָלק, וועלכער האָט געהאַלטן גאַרניזאָן אין קאָנין.

אין אַזעלכע פּרוווטעג האָבן מיר זיך געפלעגט אַרויסגנבענען אויף דער פריי צו זען די קונצשטיק פון די זעלנער, ווי זיי רייטן שטייענדיק און שפּרינגען אַראָפּ־און אַרויף אויף זייערע צעיושעטע פערד אין גאַלאָפּ.

אָבער דאָס מאָל האָבן מיר מאַרשירט זאַלבע צווייט מיט די פּיילנ־בויגנס אַריבערגעוואָרפן איבער די פּלייצעס. מיר זענען געגאַנגען דורך דער גרעבליע, וועלכע האָט געפירט גלייך צום שטעטלשן פּאַרק. פון דער רעכטער זייט האָט אַהער געגלאַנצט די וואַרטע, וואָס איז גע־פלאָסן מיט איר שטענדיקן ריטעם, מיט קראַפט און מיט אַ פרידלעכער זיכערקייט אין איר אייגענעם כוח האָט זי געפינקלט אין דער היימישער זון. ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט, אַז אירע וואַסערן נעמען אַיעדעס יאָר צו אַ מענטשלעך לעבן? זאָל נאָר דער מענטש קענען זיין אָרט און וויסן וואָס ער מעג און וואָס ער טאָר נישט!

יאָ, זי גייט אַ מאָל אַרויס פון אירע ברעגעס, און דעמלט פאַר־פלייצט זי די געסלעך, וועלכע זענען שוין געוואָרן צו נאָענטע

מחותנים מיט איר. אָבער ווייטער טוט זי בלויז די שליחות, צו וועלכער זי איז באַשטימט געוואָרן זינט די וועלט איז אַ וועלט און אַזוי לאַנג ביז עס וועט נישט אַ מאָל געענדערט ווערן דער דרך הטבע.

זי איז אונדז געווען היימיש און אייגן, די וואַרטע, מיר האָבן אָפט מאָל נאַס געמאַכט די בגדים זוכנדיק מושלען און וואַסער־שוואָמען אויף אירע ברעגעס, שוין נישט רעדנדיק דערפון וואָס מיר פלעגן אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן זיך אַוועקלאָזן שווימען אויף איר קילן רוקן.

אָבער איצט האָבן מיר קוים פון דער ווייטנס געוואָרפן אויף איר אַ בליק, ווייל מיר זענען גראָד געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. זי האָט אונדז נאָכגעקוקט מיט אַן אָפּענעם נייגער, ביז זי האָט אונדז נישט פאַרלוירן פון אויג.

אַזוי זענען מיר אָנגעקומען צום גרויסן שטאָטפּאַרק, וועלכער האָט אויסגעזען שוין צו וואַרטן אויף אונדז אין זיין גאַנצן ערב־פרילינגדיקן בלי.

מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די בענק קעגן איבער דער גרינער אַלטאַנע, און דער רבי האָט גענומען דערציילן די וווּנדער־לעכע געשיכטע פון בר־כוכבא און די פיר און צוואַנציק טויזנט תלמידים פונעם תנא ר׳ עקיבא, וועלכע האָבן מסירת־נפשדיק פאַר־טיידיקט דאָס פאָלק אין זיין אויפשטאַנד קעגן די געצנדינערישע רוי־מער.

מיר האָבן געגעסן די געקאָכטע אייער, וואָס מיר האָבן געהאַט מיטגעבראַכט פון דער היים, און זיך צוגעקוקט פאַרגאַפטע, ווי די נגי־דישע טעכטער פון „גרינעם ווייס״, האַלטנדיק אין די הענט גלאַט־פאָלירטע שטעקעלעך מיט רונדיקע שאַטקעס, וואַרפן זיי ווייסע בעלעמלעך איינע צו דער אַנדערער.

מיר האָבן דעם שכל פון דעם שפּיל נישט געקענט, פונקט ווי

מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען דאָס לשון, אויף וועלכן זיי האָבן צווישן זיך גערעדט, אָבער מיר זענען געווען באַרוישט צו זען אַזוי פיל נייע זאַכן מיט אַ מאָל, און זייער נישט־גערן האָבן מיר זיך געלאָזט אויפן וועג צוריק ווען ס'האָט צוגערוקט די שעה.

אָ, די דערציילונגען וועגן די העלדישקייטן, וואָס מיר האָבן דאָרט געהערט, זענען נישט געגאַנגען לאיבוד. מער ווי איין מאָל האָבן מיר שפּעטער געפירט מלחמות קעגן די, וואָס זענען געקומען פון די גויִישע פאָרשטעט און אַוועקשטעלנדיק זיך אויף זייערע פעסטע פּאָזיציעס הינטערן בריקל, וואָס האָט זיך געפונען איבערן צופלוס פון דער וואַרטע, האָבן זיי אונדז פאַרשטעלט דעם וועג צום פּאַרק.

מער ווי איינער פון אונדז האָט אויך באַקומען אַ לאָך אין קאָפּ ביי די שלאַכטן, אין וועלכע דער וואָפן איז נישט באַשטאַנען פון פּיילן־בויגנס, נייערט פון פּשוטע, אָבער שווערע שטיינער, וואָס די קלענערע יינגלעך האָבן באַדאַרפט צונויפקליבן אין מיטן ברען פון קאַמף און דערלאַנגען צו די גרעסערע, וועלכע האָבן בעסער געקענט טרעפן אין ציל.

די דאָזיקע שלאַכטן האָבן זיך אָפּט איבערגעחזרט און זיי האָבן אָנגעהאַלטן יאָרן. צוזאַמען מיט יינגלעך פון אַנדערע חדרים האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ קאַמף־אָרגאַניזאַציע מיט סטאַטוטן, פון וועלכע דער ערשטער פּונקט איז געווען, אַז קיינער טאָר נישט אַנטלויפן ווען ער ווערט באַפאַלן, נאָר ער מוז זיך אַקעגנשטעלן, נישט געקוקט אויף אַלע געפאַרן.

וווּ זענען זיי היינט, די האָפּערדיקע, די מוטיקע יינגלעך? די חיים יואל לעבנס, פּאַוועשע קראַטאָוועקיס, די הערשיע ליפּינסקיס און די אַנדערע, וואָס האָבן אין זייער פריען עלטער אָפּגעפּילט די יאָרהונדערטער אַלטע ווונד פון פאַרפאָלגונג און גענומען אויף זיך די שווערע לאַסט פון קאַמף קעגן די, וואָס קומען באַרויבן אַ פאָלק פון זיינע נאַטירלעכע רעכטן?

## ישעיה זאַנדבערג

דער אומוועדיקסטער פון אַלע שונאים איז אַדורכגעגאַנגען דורכן פולבלוטיקן לעבן פון יידישן קאָנין ווי אַ הוראַגאַן און פאַרלענדט אַלץ וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אויף זיין וועג.

[1] ס'איז באַקאַנט, אַז ביי יידן האָט מען פאַר לערנען נישט געטאָרט נעמען קיין שכירות, און דער מלמד האָט בלויז באַקומען געצאָלט פאַרן דערציען.

[2] זיי עסן און טרינקען ווי אַלע מענטשן און זיי שטאַרבן ווי אַלע מענטשן.

[3] ווען דער קרבן פסח האָט אָנגערירט אַ ציגל פון דעם אויוון ווו ער האָט זיך געבראָטן.

[4] אַ רעפאָרמירט חדר.

# מאירל מלמד

מאירל מלמד איז געווען „אין ציוויל" אַ צוגעלאָזענער מענטש, דאָס וואָס מען רופט אַ נוח לבריות. שלאַנק געבויט, האָט ער מיט זיין געזילבערטער, שוואַרצער באָרד און פאַרטראַכטע אויגן אַרויס־גערופן ביי יעדן אַ געפיל פון סימפּאַטיע און צוטרוילעכקייט.

אָבער דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן בנוגע דערוואַקסענע, אומאָ־פּהענגיקע און פרייע מענטשן, נאָר וואָס שייך אונדז, חדר־ייִנגלעך, איז ער שוין ווייט נישט געווען אַזאַ „מזג טוב", ווי ס'האָט זיך ווען גענעם אויסוויין.

ווען ס'איז געווען שיין וועטער, פלעגט טרעפן אַז פאַרן אָפענעם פענצטער וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו דער גאַס זאָל זיך אָפּשטעלן עמעצער פון זיינע ידידים צו כאַפּן, על רגל אחת, אַ שטיקל שמועס. צי דאָס איז געווען דער שטילער ר' איציק לייב שטיין, אָדער ר' לייביש קראָטאָווסקי, צי דער פאַרקנייטשטער יאָסל פערנבאַך, צי דער געלער שוחט — מיט יעדן האָט ער זיך ברייט אַדורכגעשמועסט און דערביי הכנסת־אורחימדיק צוגעשמייכלט.

מהאי טעמאַ האָבן מיר שטאַרק הנאה געהאַט, ווען דער גוטער צופאַל האָט אונדז צוגעשיקט אַזאַ מאָמענט, בשעת וועלכן די אָנגע־צויגענע שפּאַנונג אין חדר האָט מיט אַ מאָל נאָכגעלאָזן. ס'איז אונדז, אגב, איטלעך מאָל פון דאָס ניי געווען אַ חידוש דעם רבינס בנעימות־דיקייט, און מיר האָבן אין האַרצן תפילה געטאָן, אַז דער דאָזיקער „וואָפנשטילשטאַנד" זאָל אָנהאַלטן וואָס לענגער.

אָבער ווײ, ווײ! מיטן פֿאַרלאָזן דאָס פענצטער פון יענער זייט האָט דער מיטשמועסער, ווי דורך אַ כישוף, מיטגענומען מיט זיך די גאַנצע לייטזעליקייט פון רבין, און באַלד זענען מיר ווידער געוואָרן אַריינגעשליידערט אין דער מיט פּולווער אָנגעזאַפּטער אַט־מאָספער, וואָס האָט זיך סכנהדיק לאַנג געצויגן, ביז עס איז נישט ווידער עמעץ געקומען אונדז אויסלייזן אויף אַ פּאָר קורצע (צו קורצע) מינוטן.

ס׳איז בלתי ספק ביי אונדזער רבין אויפגעקומען אַ פּאַרדראָס אויף אונדזער לעבנספרייד, פון וועלכער ער מוז אין זיין יוגנטלעכן עלטער זיין באַרויבט געוואָרן. האָט ער אפשר דערפֿאַר זיך מיט אונדז אָפּגערע־כנט און אַזוי אַרום געזוכט זיך נוקם צו זיין פֿאַר אַן עוולה וואָס איז קעגן אים באַגאַנגען געוואָרן ווען ער איז געווען אַ יונג בחורל, ווי מיר?

*

זיין התנהגות איז געווען צו עסן בלויז צוויי מאָל אין טאָג, און ווען די תלמידים זענען אַוועק אויף מיטאָג האָט ער זיך צוגעלענט אויף דער הינקעדיקער זאָפע, וועלכע האָט פֿאַרנומען אין חדר דאָס אַנזעעוודיקסטע אָרט.

קיין קינדער האָט ער נישט געהאַט. זיין ווייב, אַ הויכע, דאַרע יידענע, מיט אַ פּנים אויף וועלכן ס׳איז שטענדיק געלעגן אַ מין האַלבער שמייכל, האָט זיך בלויז געוויזן איין מאָל אין טאָג, ווען זי פלעגט פֿאַר נאַכט צו, בעת מיר פלעגן זיך שוין גרייטן איבער־צוכאַפּן אונדזער „פעספער־עסן״ — ברענגען דעם רבין זיין מיטאָג.

מיר האָבן אַלע מאָל געוואַרט אויף איר קומען, בשעת וועלכן זי האָט איבערגעריסן די אָנהאַלטנדיקע שפּאַנונג, זייענדיק זיכער, אַז אין אונדזער שטענדיקער מלחמה מיטן רבין איז זי אויף אונדזער זייט. זי איז אַריינגעקומען אַ שווייגנדיקע און מיט שטילע טריט צוריק פֿאַרשוואונדן, און ווידער זענען מיר געבליבן אויג־אויף־אויג מיטן רבין, און מיטן פחד וואָס ער האָט אויף אונדז אָנגעוואָרפן.

אַ טעגלעכן „פּייער־איבעררייס" מיטן רבין האָבן מיר געהאַט, ווען דער לערער פון רוסיש איז געקומען געבן זיין לעקציע, די דאָזיקע שעה איז געווען פאַר אונדז אַ גרויסע דערלייכטערונג.

אין די צייטן פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, ווען ס'האָט זיך פאַר אונדז געהאַט אַרויסגעשטעלט, אַז דער רבי איז אַ „יאַפּאַנער" און דער לערער — אַ „רוס", זענען אונדזערע סימפּאַטיעס געווען אויף דער זייט פון לערער בעאַטוס, מחמת מיר אַליין האָבן אויך געהאַלטן מיט „אונדזער קיסר". מיר האָבן אין יענע טעג שווער אָפּגעפּילט יעדן קלאַפּ, וואָס דעם קיסרס חיילות האָבן אַריינגעכאַפּט פון די יאַפּאַנטשי־קלעך אויפן מאַנדשורישן פראָנט. מיר האָבן אַלע געקענט אויף אויס־ווייניק די טיטלען פון די געקרוינטע קעפּ, וואָס דער לערער האָט אונדז געלערנט אַ גאַנץ יאָר, און ס'איז געווען אַ חרפּה, אַז אַזעלכע הויכע טיטלען זאָל מען פּשוט טרעטן מיט די פּיס.

זאָל אויך דאָ געזאָגט ווערן, דרך אגב, אַז אין דער צייט ווען פון רבין האָבן מיר קיין מאָל קיין גוט וואָרט נישט געהערט, האָבן מיר פון לערער באַקומען אָפט מאָל שבחים פאַר אונדזער וויל־קענעוודי־קייט אין די רוסישע לימודים.

איין יינגל האָט דער לערער באַזונדער געלויבט און אַ מאָל אויסגעדריקט זיין באַדויערן וואָס ער קען אים נישט האָבן פאַר אַ „פּאָלנעם" שילער אין זיין שקאָלע. דער פאַרשטענדיקער לייענער (און וועלכער לייענער איז נישט פאַרשטענדיק?) וועט אַריינגיין אין דער לאַגע פון דעם מחבר פון די שורות, וואָס זיין באַשיידנקייט דער־לויבט אים נישט צו זאָגן ווער דאָס יינגל איז געווען...

אָבער אומפאַרמיידלעך זענען מיר נאָכן לערערס אַוועקגיין ווידער אַריינגעפאַלן אין דער פריערדיקער געשפּאַנטקייט.

דער רבי האָט זעלטן אַ מאָל צו אונדז גערעדט. מיר האָבן נאָר געהערט פון אים אַ שטיל אונטערברומען, פון וועלכן ס'האָט זיך טייל מאָל אַרויסגעריסן אַ שווערער זיפץ. ער האָט אויך קיין מאָל אויף

אונדז נישט געשריגן, נאָר טיף אין זיך געזאָטן און געברענט. אפשר דערפאַר האָט זיך ביי אים צווישן דער גאָמבע און דער אונטערשטער ליפּ אַנטפּלעקט אַ שפּיצבערדל, וואָס איז כמעט געווען אומאָפּהענגיק פון זיין לאַנגער באָרד. דאָס דאָזיקע „זשיניאָר־בערדל״ האָט זיך ווי אַרויסגעשיילט פון דער „סעניאָר־באָרד״ אין אַ מאָמענט ווען דער רבי האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח, זיך געמיט איינצוהאַלטן זיין כעס. דעמלט פלעגט ער דאָס שפּיצבערדל אַריינגעמען אין מויל, צוריק עס אַרויסלאָזן און באַלד ווידער פאַרכאַפּן צווישן די ציין און קייען, קייען... ביז ער האָט עס אָפּגעלאָזט, בלייבנדיק זיצן אָן אַ באַוועגונג...

דאָס איז שוין געווען פאַר די תלמידים אַ סימן מובהק, אַז זיין געדולד האָט געפּלאַצט און דער תלמיד, וואָס האָט אין יענער בייזער מינוט געזאָגט דעם שיעור, איז שוין געבליבן אָן לשון פון דער שרעק אַליין, פּשוט אויפגעהערט צו „זאָגן״ און בלויז געוואַרט אויף די קלעפּ.

אָבער דער רבי ר׳ מאירל איז נישט געווען צופרידן פון אַזאַ אָפּענעם אָפּגעבן זיך פאַר אַ קרבן. און אין אַזאַ פאַל האָט אַ מאָל געקענט טרעפן אַ נס, אַז דער אָנגעצונדענער כעס זאָל זיך אויסלעשן נאָך איידער ער האָט זיך צעפּלאַקערט. דער פאַרמישפּטער האָט אַ מאָל געקענט געניסן פון אַ מין „באַגנעדיקונג״, זייענדיק געגליכן צו אַ געהאָנגענעם וואָס רייסט זיך אָפּ פון דער תליה און מען שענקט אים דאָס לעבן, ווייל ליב געהאַט אָנצופאַלן האָט ער דער עיקר דעמלט, ווען דער „שולדיקער״ ריכט זיך נישט אויף דער אַטאַקע. אין אַזאַ רגע פלעגט ער פּלוצעם געבן אַ „שנייד״ מיט דער שאַרף פון זיין אָפּענער האַנט אין דעם יינגלס עלנבויגן, צי גאָר אַ פעסטן ריס ביי די פּיאות וכדומה.

אָ, ער האָט געהאַט אַ סך „איינפאַלן״, דער רבי ר׳ מאירל! ער פלעגט, למשל, אויפשטיין פון זיין אויבנאָן און כלומרשט מיט אַ גלייכגילטיקן בליק זיך אַרומשפּאַצירן איבערן צימער; ער פלעגט זיך, ווי

על־פי צופאַל, אָפּשטעלן הינטער איינעם פון די תלמידים און אַזוי בלייבן שטיין אַ צייט מיט די הענט פאַרלייגט אין גאַרטל. דאָס יינגל וואָס האָט געהאַט דעם דאָזיקן „כבוד" האָט נעבעך אָנגעהויבן זיך צו דרייען אויף דער באַנק אַהין און אַהער, אָבער דער רבי האָט זיך נישט גערירט, און ערשט ווען דאָס יינגל איז מיד געוואָרן און שוין אָנגעהויבן צו גלייבן אַז מען מיינט אים נישט, פלעגט אים דער רבי פון הינטן אַראָפּלאָזן אַזאַ פליאַסק, וואָס האָט אויף לאַנגע טעג געמוזט איבערלאָזן אַ צייכן אויף דער אָנגעשוואָלענער באַק.

*

משהלע־דער־אלמנהס איז געווען אַ פנים חדשות אין חדר. ער איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געקומען מיט זיין מאַמען פון לאָדזש, ווו ער האָט געלערנט אין אַ חדר מתוקן, און ער האָט זיך שווערלעך איינגעלעבט מיט אונדזער אופן לערנען; ער האָט זיך אָבער גיך אָריענטירט און כמעט זיך אויסגעגליכן מיט די אַנדערע תלמידים; מאַכט זיך, אַז עס גייט אַ שווערע סוגיא אין קידושין און משהלע, זאָגנדיק דעם שיעור, פאַרפּלאָנטערט זיך אַזוי אַז ער ווייסט פשוט נישט ווו ער האַלט ערגעץ אין דער וועלט.

ביים רבין האָט זיך שוין געענדיקט די פּאַזע פון קייען דאָס שפּיצבערדל און, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער זיך שוין אויפגעהויבן פון זיין שטול און געטריי צום אויסגעאַרבעטן „ריטואַל" זיך אַוועקגעשטעלט הינטער משהלען און שוין מער פון דאָרט נישט אָפּגעטרעטן...

מיר האָבן שוין פריער געזען וואָס אַזאַ מין „שטיין" האָט באַדייט פאַר אַזאַ יינגל, ס'וועט דעריבער זיין גענוג צו זאָגן, אַז אונדזער חבר משהלע איז אַדורכגעגאַנגען די גאַנצע גאַמע פון דעם רבינס „ספּעציאַליטעטן", זאָגנדיק ווייטער, אַ מוטיקער, אָבער אַ האַלב־צעמישטער, דעם שיעור. דאָס איז אָבער שוין געווען, אַז אַך און ווי, מער אַ קלאָגן ווי אַ זאָגן.

מיר זענען אַלע געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערט. די אומגע־רעכטיקייט לגבי אונדזער פעיקן חבר (ער איז מיט יאָרן שפּעטער געווען איינער פון די טאַלאַנטפולע אַרטיסטן פון יידישן טעאַטער) איז שוין געווען צו שרייענדיק, און אונדזער יושר־געפיל, וואָס איז נאָך דעמלט נישט געווען אָפּגעבליאַקעוועט דורך אַ לעבן פון פּשרות און קאָנצעסיעס, האָט זיך געשטיקט אין זיין אָנמעכטיקייט. אָבער וואָס האָבן מיר געקענט טאָן מער, ווי איבערחזרן אין גע־דאַנק דאָס זידלוואָרט, וואָס הינטער די אויגן פון רבין האָבן מיר שטענדיק געהאַט גרייט אויף די ליפּן: מ א י ר ל פּ...!?

נאָר פּלוצעם איז עפּעס געשען. פאַר אונדזערע אויגן איז פאָר־געקומען אַזוינס, וואָס מיט אַ רגע פריער האָט קיינעם נישט געקענט איינפאַלן אַז אַזאַ זאַך קען זיין מעגלעך, דאָס איז געווען אַזוי אויס־טערליש, אַז מען האָט זיך נישט צוגעגלייבט אַפילו נאָך דעם ווי ס'איז געשען.

אין איין הרף עין, מיט דער אומגעריכטקייט פון אַ בליץ, האָט משהלע דער אלמנהס געגעבן אַ שפּרונג אויף און מיט אַ צוזאַמענ־געקראַמפּטער פויסט האָט ער געטאָן אַ זעץ אין דער אָפענער גמרא, אַז עס האָט אַזש אָפּגעהילכט אין אונדזערע הערצער; אַ פאַרצוויי־פלטער, ווי איינער וואָס האָט שוין נישט מער וואָס אָנצוווערן, האָט ער געגעבן אַ געשריי:

— איך וויל נישט לערנען!!!

— — — —

די דאָזיקע שעקספּירישע סצענע, וואָס דער צוקונפטיקער טעאַ־טראַל משה בעאַטוס האָט אָפּגעשפּילט אין חדר אונטער דער רעזשי פון צאַפּלדיקן לעבן, האָט אים דעמלט געקאָסט זייער טייער. דעם רבין האָבן שוין „נעבעך" וויי געטאָן די הענט פון שלאָגן (ער איז ביי דעם אַלעם געווען אַ ייד אַ חלוש). דער יונג איז פון דעם מבול קלעפּ סוף־כל־סוף אַרונטערגעפאַלן פון דער באַנק, אויף וועלכער

ס׳איז געזעסן אַ האַלבער חדר מיט יינגלעך אין אַ מין יובלדיקער בהלה; שוין ליגנדיק אונטערן טיש איז נאָך משהלע נישט געווען אין גאַנצן פטור; דער רבי האָט אים נאָך צוגעקאָפּעט מיט די שטיוול ווי וויט ער האָט אים נאָר געקענט דערגרייכן.

זינט יענעם טאָג איז משהלע אויסגעוואָקסן אין אונדזערע אויגן. מיר האָבן קיין מאָל נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט פאַרן פּרייז פון די שווערסטע קלעפּ אָפּגעהאַלטן אַ ניצחון איבער אַ סך אַ שטאַרקערן פון זיך. אויך מיט יאָרן שפּעטער, שטייענדיק אין האַרטן קאַמף פאַרן לעבן, האָבן מיר מער ווי איין מאָל זיך דערמאָנט אָן דער לעקציע וואָס אונדזער חבר משהלע דער אלמהנס האָט אונדז יענעם טאָג געגעבן.

*

זאָגן אַז דער רבי איז פון דעמלט אָן געוואָרן אַן אַנדערער וואָלט געווען אַ גוזמא, אָבער עפּעס אַן ענדערונג האָט זיך ביי אים יאָ געלאָזט מערקן; ער איז, נעמלעך, געוואָרן מער באַרעדעוודיק, ער האָט אָנגעהויבן זיך צו באַקלאָגן אויף די „היינטיקע צייטן״ און רעדן מיט בענקשאַפט וועגן די פריערדיקע יאָרן, ווען ער האָט אַ מאָל אַ תלמיד געקענט מאַכן פאַר „אַן אמתדיקן קאַליקע״.

— היינט — האָט ער זיך ביטער געקלאָגט — קען מען דאָך אויף אַזאַ יונג פּשוט די האַנט נישט אַרויפלייגן!

און סיבות צו שלאָגן האָט ער געהאַט לרוב: פאַר איבערוואַרפן זיך מיט אַ וואָרט בשעתן לערנען; פאַר געבן אַ לאַך ווען דעם וואַסער־פירערס אייזעלע האָט זיך צעהירזשעט אין געסל; פאַר בלייבן אויפן הויף לענגער ווי געוויינטלעך; היינט ווער שמועסט נאָך פאַר נישט קענען דעם שיעור?

און אין קענען דעם שיעור איז געווען אַריינגערעכנט דאָס אָפּזינגען אים מיטן געהעריקן ניגון, נישט אַנדערש ווי ס׳האָט אין דעם פאַרצאַרנטן ייִד געשטעקט אַ גילגול פון אַ ווער ווייסט

וואָסער גאונישן קאָמפּאָזיטאָר. ער האָט נעמלעך געהאַט ביים לערנען זיין אייגענעם ניגון, און דאָ האָט ער נישט סובל געווען דעם מינדסטן וואַריאַנט. אָנהייב און אָפּשטעל, פראַגע און ענט־פער האָבן געמוזט ווערן שאַרף אַקצענטירט און אויסגעזונגען פּונקט אַזוי ווי ער האָט דאָס געהאַט איינשטודירט.

אויף דעם האָט ער מער מקפּיד געווען ווי אויף אַלץ. ער פלעגט נאָך, ווי ס'איז, אַ מאָל זיך נישט מאַכן הערן עפּעס אַ גרייז, אַ פעלער, אָבער ביי אַ פאַלשן טאָן פלעגט ער ווערן אש להבה.

ס'איז, בכן, אויף אויסצומיידן קלעפּ נישט געווען גענוג צו האָבן אַן עילווישן קאָפּ, קומען צו דער צייט אין חדר, נישט אַרויסכאַפּן זיך בעתן לערנען מיט אַ זייטיק וואָרט, ביישטיין דעם יצר־הרע, וואָס שטופּט דיך דווקא צו געבן אַ מאָל אַ לאַך; נאָר מען האָט אויך געמוזט זיין... מוזיקאַליש.

ווער האָט דאָס באַלד געקענט אין זיך אָנזאַמלען די אַלע זעלטענע מעלות? פונדעסטוועגן האָט אונדזער חדר זיך געקענט באַרימען מיט אַזאַ פענאָמען. דאָס איז געווען אַ קרעפּקע ייִנגל מיטן נאָמען „נחום־פון־דער־קיילער־פערשטאָט".

די פאָרשטאָט, פון וואַנען ס'איז אָפּגעגאַנגען דער וועג וואָס האָט געפירט קיין קויל, איז געלעגן אַ מהלך רב פונעם חדר. אָבער נחום האָט באַוויזן דעם „ספּאָרט" צו זיין אין דער פרי דער סאַמע ערשטער אויפן אָרט.

ווינטערצייט, ס'האָט געקענט זיין די גרעסטע שניי־זאַווי־עררוכע, איז ער געקומען צו גיין מיט זיין פאַפּירענעם לאַמטערן אין האַנט אַ פאַרבאַבליעטער אין שאַליקעס, שפּענצערס און ווילאַקעס; חוץ זיין פוטערנעם ווינטערהוט האָט ער נאָך געהאַט אַריבערגעוואָרפן איבערן קאָפּ אַ פעסטן, גראָבן באַשליק.

ער האָט געהאַט אין זיך די תמימותדיקע גוטסקייט פון אַן

אַמאָליקן יישובניק און ער האָט געהאַלטן ערלעך דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן מיין מאַמען, אַז ער וועט יעדן אינדערפרי קומען נאָך מיר און מיך מיטנעמען אין חדר אַריין, כאָטש דער חדר האָט זיך געפונען נעבן אונדזער גאַס. איך בין, להיפוך אים, געווען אַ מוראדיקער שלעפער און נישט שטענדיק בין איך געווען גרייט צו גיין, ווען נחום האָט פאַרטאָגס אָנגעקלאַפּט ביי אונדז אין שויב.

אָבער אויך אויף אים האָט געלויערט דער שטן, וועלכער האָט אין חדר אָנגענומען די געשטאַלט פון אליש כאַרטשיק.

אליש כאַרטשיק איז געווען אַ זון פון אַ שניידער. ער האָט תמיד געהאַט הינטער דער קליאַפּע אַ נאָדל־פאָדעם. אין חדר איז ער געזעסן פונקט אַקעגן איבער נחומען און ווען יענער האָט גענומען זאָגן די פרשה פון דער וואָך האָט אליש אַרויס־גענומען זיין שניידערישן מכשיר, און אַהינטערבייגנדיק זיך הינ־טער מיין רוקן (איך בין נעמלעך געווען זיין שכן אויף דער באַנק) האָט ער קונציק געמאַכט דעם אָנשטעל ווי ער וואָלט גענייט עפּעס אַ זאַך אין דער לופטן.

נחומען האָט באַלד גענומען שטיקן דער געלעכטער; ער האָט אַ פּאָר מאָל כסדר זיך געלאָזט הערן מיט עפּעס אַ משונה־דיקן ברום, אָבער ער האָט אַ דאַנק זיין שטאָלענעם ווילן זיך געשטאַרקט און אויסגעהאַלטן די „פייער־פּראָבע". ער האָט זיך פּאָרט נישט צעלאַכט אויף אַ קול און ער איז אויף ווייטער געב־ליבן דער טשעמפּיאָן פון לייטישקייט אין אונדזער חדר.

*

די ייִנגסטע תלמידים ביי אונדז זענען געווען דער קלייב־ווּקסיקער ליפּמאַן און מענדל־דעם־מצבה־קריצערס. (היינט אַ שרייבער אין אַרגענטינע, באַקאַנט אונטערן פּסעוודאָנים „עמזא"). זיי האָבן ביידע געהאַט פייערדיקע קעפּ און דערפאַר טאַקע זוכה

געווען, נישט געקוקט אויף זייער גאָר יונגן עלטער, אָנצוקומען לערנען ביי מאירל מלמד, וואָס העכער האָט מען שוין נישט געקענט גיין.

פונדעסטוועגן האָט ליפּמאַן מיט זיין עילוישן קאָפּ נישט אויסגעמיטן דעם רבינס קלעפּ, און דאָס איז געווען בלויז צוליבן ניגון בעתן זאָגן דעם שיעור; און הגם געזאָגט האָט ער טאַקע אַלץ „ווי אַ וואַסער", האָט מען אָבער פּאָרט געזען ווי דער רבי פאַר־קרימט זיך נישט־ניחאדיק; און דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן ערשטן „ואם תאמר".

די וואָס האָבן געלערנט ווייסן, אַז יעדע קשיא אין תוספות הייבט זיך אָן מיט אַ „ואם תאמר", און דער תירוץ ווערט אַריינ־געפירט מיט אַ „ויש לאמר". ביים רבין האָט דאָס אַלץ געדאַרפט ווערן אויסגעזונגען פּאַרטיסימאָ, מיטן טראָפּ און מיטן געהעריקן „בריאָ".

ליפּמאַן האָט אָבער קיין מאָל נישט פּאַרפעלט צו פאַרוועקס־לען די יוצרות. דעם „ואם תאמר", וואָס האָט געדאַרפט קומען דראַמאַטיש, מיט אַ טענה, האָט ער אויסגעזונגען ברייטלעך, מיט צופרידנקייט, אין מאַזשאָר־טענער פון אַ „ויש לאמר", און אַזוי פאַרקערט. מיר האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו חידושן דערויף וואָס ליפּמאַן האָט קיין מאָל נישט „פאַרגעסן" זיך טועה צו זיין. ס'איז געווען פּשוט צו שטוינען ווי אַזוי ער האָט „פינקט־לעך" אַלץ געמאַכט פאַרקערט.

האָט טאַקע דער רבי סוף־כל־סוף נישט לענגער געקענט איינהאַלטן דעם כעס, וועלכער האָט זיך, ווי אַ לאַווינע, אויס־געגאָסן אויפן טעמפּ־אויערדיקן עילוי.

מיר האָבן אַלע פילפאַכיק אָפּגעפילט די עוולה קעגן אונדזער יינגסטן חבר, וועלכער וואָלט, ווי מיר האָבן שוין דעמאָלט גע־ווּסט, אין יעדן וועלטלעכן לעראַנשטאַלט אַרויסגערופן באַוווּנ־

דערונג און אָנערקענונג; און ווידער האָבן מיר בלויז געקענט אין געדאַנק ליידן מיט אים צוזאַמען און שווייגן. די לעקציע, וואָס דער חבר משהלע האָט אונדז געגעבן, איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אויפגעגאַנגען אין אונדז אין איר גאַנצער ווירקזאַמקייט; ביז... עס האָט נישט געטראָפן די מעשה מיטן צווייטן בונטאַר לייזער פנחס, וועלכער האָט אין אַ שיינעם טאָג, ווי מען זאָגט, אונטער די קלעפּ פון רבין, אויסגעשריגן מיטן גאַנצן כוח, וואָס זיינע צוועלף־יעריקע לונגען האָבן אים דערלויבט:

„מ א י ר ל פּ... !!!"

— — — — — — —

דער חברה־מאַן האָט זינט יענעם טאָג אין חדר זיך מער נישט געוויזן; זיין ברודער אליש האָט אונדז דערציילט, אַז לייזער פנחס פירט אין דער היים אַ בפירושן „בירגערקריג"; מיר האָבן דערנאָך געהערט, אַז זיין פאָטער, דער טאַנדעטניק כאַרטשיק האָט, באין ברירה, אים צוגענומען צו דער אַרבעט אין זיין ווערקשטוב.

*

איידער מיר געזעגענען זיך מיטן רבין ר' מאירל, לאָמיך נאָך דערציילן וועגן דעם סקאַנדאל, וואָס איז אויסגעבראָכן צו־ליבן שרייבער פון די שורות; אַ סקאַנדאַל, וואָס אויב ער וואָלט נישט צוליב „העכערע מאָטיוון", ווי מען זאָגט דאָס אין דער פּאָליטישער וועלט, באַצייטנס געוואָרן „פּאַרטושט", וואָלט ער ווייט אַריבערגעשטיגן די גרענעץ פון חדר און זיך אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן שטעטל, און אפשר נאָך ווייטער.

איך בין שוין דעמלט געווען אַ בחורל פון קנאַפּע דרייצן יאָר און זיך געגרייט צו לייגן תפילין. איך האָב געהאַלטן ביים פאַרלאָזן דעם חדר, כדי בקרוב צו פאָרן לערנען ערגעץ אין אַ ישיבה. דער דאָזיקער מצב האָט מיך פּריווילעגירט און מיר געגעבן

אַ מין פרייערן סטאַטוס; דער רבי האָט מיך, ווי מען זאָגט, אַ ביסל אָפּגעלאָזט „פון שטריקל" און נישט אַזוי שטרענג, ווי ביז אַהער, מדקדק געווען אויף מיין התנהגות.

איך האָב שוין געהאַט קענטשאַפטן אויסערן חדר. אַזוי, למשל, בין איך געווען חבר מיט אַ שילער פון דער רוסישער שקאָלע, וועלכער האָט מיך אויסגעלערנט די לידער וואָס מען האָט געזונגען אין זיין קלאַס. איך האָב די ניגונים צוגעפּאַסט צו העברעישע שירים, וואָס איך האָב געפונען אין אַ לערנבוך, און שפּעטער זיי אויסגעלערנט די חברים פון חדר.

אָבער אַ גאָר באַזונדערן אינטערעס האָב איך געהאַט זיך צו טרעפן מיט מיין דערוואַקסענעם פריינט סקאָווראָנסקי, דעם שטעטלשן איינבינדער, וואָס איז געווען אַ פריש צוגערייזטער, גע־רעדט אַ מין יידיש וואָס מען האָט דאָ פריער קיין מאָל נישט געהערט, און די שטעטלשע באַלעבאַטים האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט אַן אָפּענעם אומצוטרוי.

ער האָט געוווינט אויף דער גויאישער גאַס אין אַן אַלט־בחוריש צימערל, וואָס איז געווען איבערפולט מיט זיינע איינ־בינדערישע מכשירים און וווּ ס'איז קוים נאָך געבליבן אַ שטיקל אָרט פאַר אַן אייזערנעם בעטל און אַ טישל מיט אַ ספּירט־מאַשינדל, אויף וועלכער ס'האָט זיך שטענדיק עפּעס געקאָכט.

סקאָווראָנסקי האָט צו ביסלעך אונטערגעקרענקט, און די דאָקטוירים האָבן אים אָנגעזאָגט זיך צו פּילנעווען. דערפאַר טאַ־קע איז דער שטענדיקער גערוך פון ליים־קלעבעכץ געווען אויס־געמישט מיט די געשמאַקע ריחות פון מילך, קאַקאַאָ און הינער־יאַכלעך.

אין אַ ווינקל פון דעם שטיבל האָט ער אָנגעקלאַפּט קליינע פּאָלעצלעך, וואָס האָבן געגרייכט ביזן סופיט און אויף וועלכע ס'זענען געווען אויסגעלייגט ביכלעך צום לייענען, וואָס ער פלעגט

אויסבאָרגן פאַר אַ פּאָר גראָשן. אַ סך צוליב דעם, בין איך ביי אים געווען אַן אָפּטער אַריינגייער. דער עיקר אָבער האָט מיך אַהין געצויגן אין די פּרייטיק־צונאַכטסן, בשעת עס זענען געקומען וועקסלען זייערע ביכער די יונגע־לייט, וואָס האָבן געהאַט אַ שם אין דער שטאָט פאַר „אחדות־יונגען".

מיט אַ סך נייע ווערטער האָב איך מיך דעמלט באַקענט, און דאָרט האָב איך אויך צום ערשטן מאָל געהערט דאָס שטרענג סודותדיקע וואָרט „סאָציאַליזם".

איך האָב פון די באַזוכן קיינעם נישט דערציילט, אָפּגעבנ־דיק זיך אַ חשבון אַז איך טו עפּעס אַ פאַרבאָטענע זאַך. אָבער מיט יעדן טאָג איז מיר די דירה פונעם איינבינדער געוואָרן היימישער און איך האָב מיך שוין פון איר מער נישט געקענט אָפּרייסן.

איבעריק צו זאָגן, אַז איך בין אין די ביכלעך געווען שטאַרק פאַרקאָכט און נישט זאַט געוואָרן זיי לייענענדיק. איך האָב שוין דעמלט געהאַט געלייענט דינעזאָנס „הערשעלע" און פאַרגאָסן הייסע טרערן איבערן העלד פון זיין „יאָסעלע". איך האָב מיך באַהאַלטן מיט מיינע טרערן פאַר דער מאַמען (ס'וואָלט געווען אַ חרפּה פאַר אַ בר־מצווה־בחור), נאָר איך האָב מיר לאַנג אָפּגע־געסן דאָס האַרץ צוליב דעם אָרעמען יאָסעלען, וואָס איז געווען אַ יתום אַזוי ווי איך, כאָטש איך האָב געהאַט אַ בעסערע מערכה פון אים. אָבער ס'איז מיר נישט באַקומען דאָס לייענען, און איך האָב פון דעמלט אָן פאַרלאַנגט פון מיין פריינט דעם איינבינדער־ביבליאָטעקער, אַז ער זאָל מיר נאָר געבן ביכלעך מיט אַ גוטן סוף (איך האָב נאָך נישט געוווּסט, אַז מען דאַרף דאָס אָנרופן „העפּי־ענד")...

צום ליבסטן האָב איך געהאַט די קליינע ביכלעך מיט די קאָלירטע שער־בלעטלעך פון שמ"רן און אייזיק מאיר דיק, און,

לאָמיך דאָ צוגעבן, אַז איך האָב מיך נישט באַגנוגנט מיטן בלויזן לייענען, נאָר אַליין אָנגעהויבן צו שרייבן געגראַמטע לידער אויפֿן חשבון פֿון די ייִנגלעך, מיט וועלכע איך בין געווען „איבער דער האַנט".

אַזוי האָב איך, למשל, פֿאַרפֿאַסט אַ ליד אויף מיין חבר לעווענבערג. דאָס דאָזיקע פֿאַסקווילן־ליד איז באַשטאַנען פֿון צוויי־שורהדיקע סטראָפֿעס, פֿון וועלכע איינע איז מיר ביז היינט געבליבן אין זכרון, און אַזוי איז דאָס אַרויסגעקומען אויפֿן פּאַפּיר:

„ווי זאָל ער האָבן צום לערנען אַ קאָפּ,
אַז אין איין הויז וווינט ער מיטן רוסישן פּאָפּ!"

ווייזט אויס, אַז אויף משפּחה־שימחות, וואָס מיר איז אויס־געקומען בייצוווינען, האָב איך מיך אינספּירירט פֿון די בדחנים, וועלכע זענען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן מיך געלערנט די פּרינציפּן פֿון ווערסיפֿיקאַציע.

דער רבי מוז שוין עפּעס האָבן דערשנאַפּט וועגן מיינע באַ־זוכן ביים „פֿרעמדן" איינבינדער. זיך נישט וויסן מאַכנדיק און אין גאַנצן נישט־געריכטערהייט נעמט ער זיך נישטערן אין דעם פּעקל ביכער, וואָס איך ברענג מיט אין חדר אַריין פֿאַר דער רוסישער לעקציע און ער געפֿינט דאָרט אַ מעשה־ביכל מיטן טיטל:

„אַ כלה אויף באָרג"...

און טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, איז באַלד נאָכן ערשטן בלעטל געלעגן דער שיר וואָס איך האָב געהאַט אָנגעשריבן „לכבוד" מיין חבר לעווענבערג.

אַוודאי האָט מען שוין איצט קלאָר געוווסט פֿון וואַנען איך נעם דאָס די „שיינע" ביכלעך צום לייענען, פֿון ווו ס'שטאַמען די „דברים בטלים" וואָס איך שרייב, און אין איין וועגס האָט מען

שוין אַרויסגעדרונגען, אַז איך טרעף מיך דאָרט מיט די אמתע חברה־לייט און ווער ווייסט וואָס נאָך!

דער לייענער וואָס פאַרמאָגט נאָר וויפל נישט איז פאַנטאַזיע וועט אַליין זיך קענען אָפּמאָלן וואָס דערנאָך האָט זיך אָפּגעטאָן.

אָבער נאָך אַלע קאָכענישן און געשרייען האָט דער רבי אַליין געמוזט איינזען, אַז די „מעשה רע" איז צו אומגעהאַריש, אַז מען זאָל אויף איר קענען רעאַגירן ווי ס'קער צו זיין, און ס'האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס עס איז געוואָרן צוגעאיילט מיין אַוועקפאָרן אין דער ישיבה אַריין, וואָס דאָס איז געווען דער בכבודיקסטער אופן פאַר מיין פאַרלאָזן די שטאָט, וווּ איך בין איצט געווען אַ פ ע ר ס אָ נ אַ נ אָ ן ג ר אַ ט אַ.

און נאָך דעם ווי דער רבי האָט אַדורכגעפירט ביי אונדז אין שטוב אַ גרינטלעכע רעוויזיע און קאָנפיסקירט אַלע „זנות־ביכער", וואָס ער האָט דאָרט געפונען, בין איך אַוועקגעפאָרן לערנען קיין איניעווע, וווּ ס'האָט געוווינט מיין מאַמעס עלטערע שוועסטער ליבע מיטן פעטער אייזיק הערש, וואָס האָט געהאַט אין שטעטל אַ לאַגער פון שמאַטעס און דערפאַר האָט מען אים גערופן „דער שמאַטע־קלויבער".

איך בין אַרונטערגעגאַנגען אונטער דער שטרענגער השגחה פון זייער דערוואַקסענעם זון מרדכי און איך האָב באַלד אָנגעהויבן צו פילן דעם טעם פון עסן „טעג" און אויך פון שפּילן „קוויטלעך" אין בית־מדרש, ווען קיינער האָט נישט געזען.

יעדן פרייטיק פאַר נאַכט איז ביי זיי געווען איינגעפירט צו עסן „טינקע"[1]. די דאָזיקע מאָלצייט, וואָס מיר האָבן זי געגעסן אין קאָרידאָר, האָט מען דאָרט גערופן: ח י ד ק אָ ס פ אַ ר ש ב ת.

---

[1] חלה געטונקט אין פּישיוך.

# דער שענקער פון ספּאַ

אין אַ פאַרבענקטן סעפּטעמבער־טאָג האָב איך געהאַט אַן איבערראַשונג, וואָס קען נאָר טרעפן אַ מאָל זייער, זייער זעלטן.

האָבנדיק פאַרבראַכט דריי וואָכן צייט אין דעם קוראָרט ספּאַ און גרייטנדיק זיך צו פאַרלאָזן די שטאָט מיט אירע בעדער און היילאַנשטאַלטן, צו וועלכע מען ווערט אַ משועבד, האָט זיך מיר נאָך געוואָלט דאָרט פאַרבלייבן אַ טאָג־צוויי, כדי אומגעשטערט צו קענען געניסן פון די נאַטור־שיינקייטן פון דער געגנט, וואָס ווערט מיט רעכט אָנגערופן „די פּערל פון די בעלגישע אַרדענען".

אין די דאָזיקע טעג פון שפּעטזומער, כאָטש די לופט איז שוין געווען קיל, איז אָבער דאָס וועטער נאָך געווען מילד און ס'האָט זיך געוואָלט אַרומשפּאַצירן אויף דער פריי אָן עול און אָן שום פאַרפּליכטונגען. אויפן ערשטן עטאַפּ זענען מיר צוזאַמען מיט אַ גרופּע פריינט אַוועק ווייט הינטער דער שטאָט צום קאַפעהויז „טאָנעלע".

דער פּאַרק, וואָס איז זומערצייט געווען פול מיט באַוועגונג, איז איצט געלעגן פאַרלאָזן; די בענקלעך, וואָס אַרום זיי האָט מען זיך פריער געריסן, האָבן איצט אויסגעזען ווי אַוועקגעוואָרפענע אויף הפקר; אויף די טישלעך, וואָס מיר האָבן ערשט איצט זיך געכאַפּט אַז זיי שטייען קרום, זענען ערטערווייז געשטאַנען גריבלעך וואַסער פון נעכטיקן רעגן.

ס'האָט פון אַלעם געווייעט אַ מין באַנגקייט וואָס האָט ממש

פאַרקלעמט ביים האַרצן: אַזוי פאַרגייען דאָס די ליכטיקע מינוטן פון לעבן, זיי גייען אַהין ווו עס זענען אַוועק די גאָלדענע טעג פון אונדזער קינדהייט, פון אונדזער פריער יוגנט און רייפן על־טער. וועלכע אומגעהאַרישע מאַכט האָט זיי איינגעשלונגען?

אין אונדזער אוממבאַהאָלפנקייט זאָגן מיר, אַז דאָס אַלץ איז אַוועק אין דער אייביקייט אַריין, אין דער אומבאַגרייפלעכער אויס־שפּרייטונג, וואָס רינגלט אונדז אַרום ווי אַ ים און וואָס וועט זיך קיין מאָל אין ערגעץ נישט ענדיקן; די אָנמענטשלעכקייט וואָס וואַרט געדולדיק ביז עס לעשט זיך יעדער באַגער און יעדע שפּור פון מענטשלעכער פרייד; דער מאָנסטער, וואָס זאַמלט איין די אוצרות פון לעבן, פונקט ווי יענער קאַרגער וואָס אַלע עשירותן זענען אים צו ווייניק און אַליין געניסט ער נישט פון קיין זאַך.

מיר זענען דאָ איצט געוועזן די איינציקע געסט און מיר זענען אַלע געזעסן שווייגנדיק, יעדער פאַרטיפט אין זיינע קוהלת־גע־דאַנקען.

דער באַלעבאָס אַליין, אַ מיטל־יעריקער מענטש מיט אַ קורץ נעזל און ברייטע פּלייצעס איז צוגעקומען פרעגן וואָס מיר הייסן זיך דערלאַנגען, און ווען ער האָט געבראַכט די געטראַנקען האָבן מיר מיט אים פאַרפירט אַ שמועס. ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז ער איז אַ פּאָליאַק, וואָס האָט זיך זינט צענדלינגער יאָרן איינגע־אָרדנט אין ספּאַ, דאָ חתונה געהאַט, געוואָרן אַ פאָטער פון צוויי קינדער, וועלכע ווייסן שוין נישט פון קיין פּוילן...

עמעצער פון אונדז וויל וויסן פון וועלכער שטאָט ער איז, און ער ענטפערט:

— פון גראַבאָווע, ביי לענטשיץ.

— פון גראַבאָווע? — וויל איך פּשוט אויסשרייען — ס'האָט זיך עפּעס אין מיר אַ ריס געטאָן. אַ גאַנצע וועלט, אַ פאַרשוווּנדענע דאַכט זיך אויף אייביק, האָט זיך מיט אַ מאָל

פאַר מיר אויפגעעפנט; און פון דער מינוט אָן האָב איך שוין אַלץ געהערט ווי דורך אַ וואַנט. גראַבאָוועך ישיבה, ווו איך האָב געלערנט זייענדיק אַ בחורל פון זעכצן יאָר, שטייט מיר פאַר די אויגן. אָבער ס׳איז אַ מין גראַבאָווע של מעלה, אַ לאַ שאַגאַל, וואָס הייבט זיך אַרויס איבערן פאַרק מיט זיין פוילישן באַלעבאָס און זיינע יידישע געסט אין איינעם.

ס׳איז דאָס קליינע פוילישע שטעטל, ווו כמעט אין יעדן הויז געפינט זיך אַ יידישער גאַרבער. איך דאַרף אַפילו נישט אָנ־שטרענגען דעם זכרון זיך צו דערמאָנען, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז באַשטאַנען פון אָן איינציקער גאַס מיט הילצערנע הייזקעס פון ביידע זייטן. דער בית־המדרש, ווו ס׳האָבן געלערנט עטלעכע און צוואַנציק בחורים צווישן 15 און 18 יאָר, האָט פאַרנומען אַ העלפט פון אַזאַ הייזעלע, בשעת אין דער אַנדערער העלפט האָט געוווינט דער רב, וואָס האָט יעדן פאַרמיטאָג געגעבן שיעור פאַר די על־טערע בחורים אין ענגן בית־דין־שטיבל.

איך האָב קיין מאָל נישט געקענט דעם רב ביים נאָמען. מיר האָבן אים גערופן, ווי ס׳האָט זיך געפירט, „דער יסוד דוד״, לויטן ספר וואָס ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַרויסגעגעבן.

אַלע הייף פון די שטעטלדיקע הייזקעס זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן פעלד, פון וואַנען די ישיבה־בחורים האָבן געפלעגט אויס־גראָבן מייערן מיט קילעריבן וואָס זיי האָבן געגעסן רויערהייט. ווען מען איז אין דער פרי געגאַנגען אין בית־מדרש אַריין האָט מען אויסגעמיטן די שטאָט, ווייל מיטן פעלד איז אויסגעקומען נעענטער, ממילא איז דער ערשטער קאָנטאַקט מיטן דרויסן געווען דאָס פעלד, וואָס איז אין דער שעה געווען איינגעהילט אין אַ לייכטן טוי, ווי אין אַ דורכזיכטיקן מאַנטל. ס׳האָט פון דאָרט אין יענער שעה געכישופט אַ סוד, וואָס האָט געלאָקט דעם איבעריקן טייל פון מעת־לעת.

אַ שלל מיט זכרונות, האַלב אָפּגעמעקטע פון דער צייט און פאַרבלאַסטע דורך שווערע איבערלעבונגען האָט ביי מיר אויפֿגעוועקט דער פּוילישער שענקער פון ספּאַ. האָט ער דען געקענט וויסן וואָס דאָס הייסט אַזוינס פאַר מיר גראַבאָווע?

דאָס איז דאָך די פאַרשוווּנדענע וועלט, ווו דאָס לעבן איז געווען ניי, אומבאַריירט און פול מיט צוזאָגן! און כאָטש ס׳איז אַ מאָל אויסגעקומען אַדורכצוגיין אַ שווערלעכן מאָמענט, איז דאָס אָבער אויך געווען באַגלייט מיט אַ וואַרטן אויף בעסערס, וואָס דאַרף ערשט קומען און קען נישט לאַנג בלייבן אויפֿן וועג.

ווען איך האָב מיט יאָרן שפּעטער געהערט צום ערשטן מאָל זינגען אברהם רייזענס „מאי קאָ משמע לן?“ — האָב איך מיך באַזונדער אַדורכגענומען מיטן פערז „עסן טעג און שלינגען טרערן“, אָבער איך מוז פונדעסטוועגן זאָגן, אַז אויף מיר גופא האָט זיך דאָס נישט געלאָזט אָנווענדן, ווייל מיין אייגן לעבן אין דער ישיבה איז נישט געווען אַזוי טראַגיש.

איך האָב געגעסן „טעג“ ביי די באַלעבאַטים פון שטעטל, ערלעכע יידן, האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן אַלע זייערע יאָרן שווער געאַרבעט אויף זייער ביסן און געהאַלטן פאַר אַ כבוד, אַז ביי זיי אין הויז זאָל עסן אַ טאָג אין דער וואָך אַ בחור פון דער ישיבה.

אָבער דאָס עסן איז אונדז נישט באַקומען. די פריש-געשונדענע פעלן אויף די הייף האָבן אַרויסגעגעבן אַ מוראדיקן ריח, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין שטוב און אין די מאכלים... איך האָב טאַקע אָפט בגניבה אַריינגעלייגט דאָס עסן אין די קעשענעס פון מיין כאַלאַטל (ס׳רוב איז דאָס געווען געריבענע קאַרטאָפל מיט רינדערן-פלייש) און שפּעטער דאָס אָוועקגעוואָרפן פאַר די פייגל אין פעלד.

ס'איז געווען אַ באַזונדערע וועלט מיט אייגענע מינהגים און געוווינקייטן. אַזוי, למשל, האָט מען זיך צווישן בחורים קיין מאָל נישט גערופןביים נאָמען, נאָר אויפן נאָמען פון דער שטאָט, פון וואַנען מען איז געקומען. איך האָב דאָרט געהאַט אַ געשוועסטערקינד, מיין מאַמעס אַ ברודערן־זון, יחיאל מאיר, האָב איך אים גערופן „לאָדזשער", און ער האָט מיך גערופן „קנינער".

איז מען אַ מאָל געווען נישט מיט אַלעמען, אַ דערקילונג, אַ מאָגן־פאַרדאָרבונג נאָך אַ שבתדיקן טשאָלנט, צי סתם עפּעס אַ קאַפּווייטאָג, האָט מען זיך אויסגעצויגן אויף אַ בית־מדרש־באַנק (חברים, ישיבה־בחורים, האָבן אָפּגעטרעטן דאָס אָרט), כדי נישט צו דאַרפן גיין זיך צולענען אין דער אכסניה און צו פאַרשפּאָרן אויסצוהערן ווי די בעל־אכסניהטע וואָרטשעט, אַז עס איז ביי איר נישט קיין שפּיטאָל.

זייענדיק בקו הבריאה האָב איך פונדעסטוועגן פאַרבראַכט אין דער אכסניה מער ווי איין שעה אין טאָג מיט לערנען חשבון. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געלערנט אַליין פון ספּעציעלע ביכלעך און געהאַט אַ גרויסע תשוקה צום דאָזיקן לימוד. איינציקווייז האָב איך אָנגעהויבן „אָנצושטעקן" אויך אַנדערע בחורים מיט דער „סוגיא פון קאָפּ־מוח־ציבעלעס", ווי מיינע תלמידים האָבן דאָס געפּלעגט אָנרופן, צוליב אַן אַריטמעטישער אויפגאַבע, ווו ס'האָט זיך געהאַנדלט אין אויסרעכענען די צאָל ציבעלעס וואָס אַ שטח פעלד האָט אַרויסגעגעבן.

נישט אַלע אָבער האָבן זיך דערצו באַצויגן מיט אַזאַ גוטמוטיקן חוזק. אַזוי האָט, למשל, די באַלעבאָסטע פון דער אכסניה, ווען ס'איז נישט געווען לרצון מיין פאַרברענגען אויף דער אכסניה אַן איבעריקע שעה אין טאָג, אָפּגעשפּעט דערפון וואָס איך האָב נאָך ביז איצט נישט געקענט באַרעכענען מיין „גרויס פאַרמעגנס"...

מחמת דעם וואָס דער יישוב איז געווען קליין און די באַ־לעבאַטים ווייניק אין צאָל, האָט געקענט טרעפן, אַז עס זאָל אַ בחור אויספעלן אַ „טאָג" אין דער וואָך. דאָס האָט אויך מיך נישט אויסגעמיטן. איך מוז אָבער זאָגן, אַז באַהאַלטענערהייט האָט דאָס מיר אַ הנאה געטאָן. אין אַזאַ טאָג בין איך געווען פּטור פונעם עול צו גיין עסן ערגעץ ביי אַ באַלעבאָס, קומען צו פרי צום מיטאָג און זען ווי דאָס פלייש ליגט נאָך אויפן זאַלצברעטל צוגעדעקט מיט אַ האַנטעך...

איך האָב אין אַזאַ פרייען טאָג מיר געקויפט אַ פריש ברייטל און געגעסן אין בית־המדרש מיט אַ שאַרפן אַפּעטיט. אין ווייבן האָלץ פונעם טיש האָבן בחורים מיט זייערע פען־מעסערלעך אויס־געבויערט אַ גריבל ווו מען האָט אַריינגעשיט זאַלץ, און וועלכן מען האָט געטונקען דאָס קנאַקנדיקע ברויט, צוטרינקנדיק פרייש וואַסער פון דער שעפ.

גוט איז געווען די בחורים וואָס האָבן געהאַט אַ „טאָג" ביים גביר. דער גביר האָט געהאַט אַ גרויס געוועלב אין דער איינציק געמויערטער קאַמעניצע פון שטעטל. ער האָט זיך נוהג געווען צו געבן אַ צאָלטאָג די אַלע בחורים וואָס האָבן נישט געהאַט דאָס מזל צו באַקומען ביי אים אַ „טאָג"; דאָס איז געווען אַ מין „פרי דע קאָנסאָלאַסיאָן". ס'איז בכן, אויסגעקומען, אַז אַלע בחורים זענען אַדורכגעגאַנגען זיין הויז.

איך בין געווען פון די מזלדיקע, וואָס האָבן געהאַט אַ „טאָג" ביים גביר. זיין טעכטערל, אַ 15־16־יעריק מיידל, וואָס די זאָרגלאָזיקייט איז איר געלעגן אויפן פנים און איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן, האָט געפלעגט קומען צום בית־מדרש רופן דעם בחור צום מיטאָג. זי איז צוגעקומען צום אָפענעם פענצטער (ס'איז געווען זומער) און געזאָגט אַזוי סתם אין דער וועלט אַריין: „דער בחור קען קומען עסן". אָפּגעזאָגט און אַוועק. די בחורים האָבן שוין געוווּסט וועמענס „טאָג"

ס׳איז היינט, האָט מען דעם בעל־דבר, מיט אַ חוזק־טאָן, תיכף איבערגעגעבן, אַז דעם גבירס טאָכטער איז געקומען נאָך אים...

דאָס דאָזיקע אָפּחוזקן האָט מיר ווי געטאָן, ווייל נישט דער־ציילנדיק קיינעם, האָב איך אָפּט געטראַכט וועגן איר. איך האָב נישט געוווּסט ווי זי הייסט, אָבער איך האָב, טראַכטנדיק וועגן איר, אָנגעשריבן אין פערזן די געשיכטע פון יעקב און רחל פון חומש.

די ערשטע צייט איז מיר דאָס געווען גענוג. די פרייד פון שאַפן האָט געשטילט די בענקשאַפט. שפּעטער איז מיר געווען שווער צו פאַרטראָגן דעם געדאַנק אַז זי זאָל פון דעם נישט וויסן; איך האָב געזוכט, און אויך געפונען, אַ געלעגנהייט איר איבערצוגעבן די פּאָעמע, וואָס איז פון איר געווען אינספּירירט.

זי האָט נישט אויסגעזען צו זיין איבערראַשט פון מיין אויפטו, ס׳איז עפּעס אויסגעקומען ווי זי וואָלט זיך אויף דעם געווען גערעכט. זי האָט רואיק צוגענומען פון מיר דאָס פּאַפּיר, געוואָרפן אויף מיר אַ לאַנגן בליק און מיט געמאָסטענע טריט זיך פון מיר דערווייטערט.

איך האָב געוואַרט אויף אַן ענטפער, כאָטש איך האָב נישט גע־גלייבט, אַז ער וועט קומען; אַזוי ווילד, נישט איבערלייגט איז געווען מיין האַנדלען אין מיינע אייגענע אויגן. איך האָב פונדעסט־וועגן אויסגעקוקט עפּעס אַן ענטפער, געהאָפט און געצווייפלט, ביז איין מאָל, אַ פּאָר טעג פאַר מיין פאַרלאָזן גראַבאָווע אויף שטענדיק, האָט מיר דעם גבירס דינסט געבראַכט אַ בריוול וווּ ס׳זענען געווען געשריבן אויף פּויליש די פאָלגנדיקע פּאָר ווערטער:

„טייער ייִנגל,

אין אונדזער עלטער איז דאָס אַלץ נישט מער ווי אַ פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע״.

ס׳איז געווען אונטערגעשריבן מיטן בוכשטאַב S.

מען האָט זי, מן־הסתם, גערופן סאַלטשע.

סאַלטשע איז נישט בלויז געווען שיין, זי איז אויך געווען קלוג.

# ספר קהילת קונין

ענדלעך, נאָך לאַנגע וואַרטענישן, דערהאַלטן דעם „ספר קהילת קונין", אַרויסגעגעבן פון דעם „אירגון יוצאי קונין" אין ישראל.

דאָס איז אַ בוך פון אַכט הונדערט זייטן, געשריבן אין יידיש און טיילוויז אין עברית, ענגליש און פויליש.

איך מיש די בלעטער פון דעם בוך, וואָס איז אַ הזכרת נשמות נאָך מיין פאַרשניטן שטעטל. ס'איז געגנוג אַ וואָרט דאָ און אַ וואָרט דאָרט, אַז איך זאָל מיך פילן צעטרייסלט און טיף דערשיטערט.

ס'האָט מיך איבערראַשט און גערירט ווען איך האָב דאָרט, צווישן אַנדערן, געפונען אַ פראַגמענט, וואָס דער רעדאַקטאָר מענדל געלבאַרט האָט אַרויסגענומען פון מיין בוך „דער שונא אין די מויערן".

אין אַ בריוו שרייבט ער מיר:

„די השערה וועגן אייער שייכות צום פאַרמלחמהדיקן קאָנין האָבן די דאָרטיקע לאַנדסלייט באַקומען פון טעקסט אויף זייט 104 אין אייער בוך „דער שונא אין די מויערן", הגם דער נאָמען פון שטעטל ווערט דאָרט נישט דערמאָנט".

לייען איך איבער די ערשטע פאָר שורות פון דאָזיקן פראַגמענט מיט אַן אָנגעלאָדענעם געמיט:

„אַ ווייטיקלעכער שמייכל לייגט זיך אים אויס אויפן פנים. ער טראָגט זיך אַריבער אין יענעם האַלב־פאַרגעסענעם שטעטל אין פוילן, ווו ער האָט איבערגעלעבט די ערשטע ווייען פון וואַקסן און די פריע אויסשטראַלונג פון זיין תמימותדיקער פרומקייט."

אַן אייביקייט איז אַוועק זינט יענער צייט, ווען איך האָב

געלערנט אין חדר ביים אַלטיטשקן ר׳ עובד, וועלכער האָט נאָכן לערנען מיך געפּלעגט פאַרהאַלטן אויף „נאַכטעססנס״, דערנאָך גיין מיט מיר שפּאַצירן און בעת די שמועסן דווקא געוואָלט פּועלן ביי מיר, אַז אַנשטאָט מיט די אַנדערע יינגלעך, זאָל איך מיך בעסער חברן מיט אים, ר׳ עובדן. גרויסע געשעענישן זענען דעמלט פאָר־געקומען, וואָס האָבן זיך אויף שטענדיק איינגעקריצט אין זכרון: די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה, דער קישינעווער פּאָגראָם, און דער עיקר — נייַנצן־הונדערט־פינף.

שפּעטער האָט מען אין קאַנין אויפגענומען דעם נייעם רב ר׳ יעקב ליפשיץ ז״ל, ביי וועמענס טיש איך האָב געלערנט צוזאַמען מיט אַנדערע בחורימלעך פון מיין עלטער.

איך האָב געהאַט די פּריווילעגיע איבערצובלייבן אין בית־דין־שטוב נאָכן שיעור און בייוווינען די דין־תורהס, וואָס זענען דאָרט געוואָרן אָפּגעהאַלטן. די פּראָטאָקאָלן האָט דער רב אַליין פאַרצייכנט און איך האָב זיי דערנאָך באַקומען איבערצושרייבן אויף ריין. דער רב האָט נעמלעך געהאַט אַ שווערן כתב און אַ קאָמפּליצירטן סטיל, געשריבן האָט ער אַ לומדישן העברעיש, אַדורכגעמישט מיט יידיש, ביים איבערגעבן די טענות פון די בעלי־דין. איך האָב מיך געמיט צו באַזייטיקן די שוועריקייטן און אויסגעפירט מיין אויפגאַבע גענוג צופרידנשטעלנדיק.

איך האָב אויך געפּלעגט מיטגיין מיט אים אָפּנעמען אַ שבועה אין „סאָנד״ און מיט גרויס חשיבות געטראָגן אויפן וועג דעם חומש, איבער וועלכן דער בעל־דין האָט געדאַרפט שווערן. איך בין אַ היפּש ביסל געווען באַהערשט פון געדאַנק, אַז איך גיי צו מלכות... איך האָב אָבער געוווּסט, אַז דער רב האָט אַ שם פאַר אַ גוטן רוסיש־קענער און ער איז ביי מיר געווען פאַררעכנט פאַר אַ קרוב למלכות, איז פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב מיך געפילט אין זיכערקייט אונטער זיין שוץ.

איינע פון מיינע פונקציעס איז אויך באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין די ערב יום־כיפּורים בין איך מיטגעגאַנגען מיט אים צו די קראַנקע, ווען ער איז, לויט זיין התנהגות, געקומען מבקר־חולה־זיין און מתיר־זיין צו עסן אין היי־יאָריקן יום־כיפּור.

בשעתן לערנען האָב איך מער ווי איין מאָל מיך פאַרקוקט אויף דער גלאַט פאַרקעמטער „גזשיבע" וואָס האָט זיך אָפּט מאָל געפלעגט אַרויסגליטשן פון אונטער זיין יאַרמלקע. איך האָב דערביי געטראַכט וועגן די פאַרביסענע קעגנערס, וואָס ער האָט געהאַט אין דער שטאָט, און אַליין איינגעזען אַז פאַר אַ רב איז דאָס עפּעס נישט קיין דרך, אָבער מיין סימפּאַטיע איז אין גאַנצן געווען אויף זיין זייט; קען מען, הייסט עס, האָב איך מיר געזאָגט, זיין אַן ערלעכער ייד און נישט נאָכגיין די ווילדע גענג פון די פאַרבטלנטע קנאים, וועלכע האָבן, אגב, שוין דעמלט מיך געהאַט אויפן אויג.

ס'האָט טאַקע אַ מאָל געטראָפן, אַז אַזאַ פאַנאַטיקער איז גע־קומען מיך פאַרמסרן פאַרן רב בעת איך בין געזעסן ביים טיש. אַלע „זינד", וואָס זענען געוואָרן אָפּגעטאָן אין דער שטאָט האָט ער אַרויפגעלייגט אויף מיר, מיך אָנגערופן ירבעם בן־נבט און געפּאָ־דערט ביים רב אַ שטרענגן עונש פאַר מיינעטוועגן.

אָבער מיין גוטער רבי האָט זיך פאַר מיר אָנגענומען, נישט געלאָזט רעדן אויף מיר קיין שלעכטס, הגם ער האָט אַ ביסל חושד געווען אַז נישט אַלץ איז געווען אויסגעטראַכט, און אין מאָמענטן ווען ער פלעגט זיין באַזונדער אויפגעלייגט און צוגעלאָזן, פלעגט ער, ליצנותדיק, מיך רופן: „ישעיה אחר..."

ער איז בכלל געגאַנגען מיט דער שיטה פון בית הלל און ווען מען איז צו אים געקומען מיט אַ שאלה האָט ער זיך געגעבן די גרעסטע מי צו כשרן. ס'איז אַפילו אַ מאָל אויסגעבראָכן אַ סיכסוך צווישן אים און דעם דיין פון דער שטאָט, וועלכער האָט אויף דער זעלביקער שאלה פריער געהאַט געפּסקנט טריפה.

דער רבי האָט אויך דערלויבט צו באַקן מאַשין־מצות, כדי נישט־פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים זאָלן קענען זיך איינשאַפן ביליקע מצות אויף פסח, נישט רעכענענדיק זיך, וואָס די חסידים האָבן די מאַשין־מצות געאסרט.

בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳האָט זיך קיין קאָנין דערטראָגן די ידיעה וועגן דער צעשטערונג פון קאַליש דורך די דייטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל פרויסקער, האָט דער רב, שבתביים דאַווענען, געהייסן איינשפּאַנען פערד־און־וואָגן און תיכף פאָרן ראַטעווען יידן און זיי ברענגען קיין קאָנין.

באַזונדער באַוויגן פיל איך מיך לייענענדיק דאָס קאַפּיטל „רבקה די מלמדקע״, אָנגעשריבן פון מיין יינגערע שוועסטער פרידה, די פרוי פון פּראָפעסאָר שמואל אייזנשטאַט.

דאָס זענען שורות, וואָס דערציילן וועגן אונדזער מאַמען, איר שווער לעבן, בלייבנדיק, נאָכן פריען טויט פון אונדזער פאָטער ע״ה, אַן אלמנה מיט פינף קליינע קינדער. דערנערנדיק זיך פון נייען וועש און פון אַרומטראָגן אין די באַלעבאַטישע הייזער קליינינקייטן פאַרן הויזגעברויך, האָט זי, אויף די נאָכמיטאָגן, געעפנט אַ חדר, ווו ס׳פלעגן זיך דער עיקר לערנען דערוואַקסענע דינסטמיידלעך לייענען אין שרייבן יידיש. „און נישט איין מאָל האָט זי געפירט איבערן פּאַפּיר אַ פאַרהאָרעוועטע מאָזאָליעדיקע האַנט פון אירער אַ תלמידה און אויף דעם אופן זי געלערנט אַרויסברענגען די צורה פון אַ יידישן אות״.

גרויס איז געווען די פרייד און די דאַנקבאַרקייט פון די תלמי־דות, וועלכע זענען דערגאַנגען צו קענען אַליין אָנשרייבן אַ יידיש בריוול. „זיי פלעגן קומען גליקלעכע, אַרומנעמען זי און קושן, ברענגען מתנות און דערקלערן, אַז זיי וועלן קיין מאָל אין לעבן נישט פאַרגעסן זייער רביצין רבקה״.

„זי האָט נישט געוואָלט הערן אויף קיינעם קיין לשון־הרע, (...) כדי יעדער זאָל פאַרשטיין, אַז אַ היינטיקער שונא קען מאָרגן ווערן אַ פריינט״.

*

ווי ס׳גיט איבער צבי אַזעראַוויטש אין זיין אַרטיקל א״נ „הרב יעקב ליפשיץ זצ״ל״, האָבן די היטלער־דייטשן נאָך זייער פאַר־נעמען קאָנין צונויפגעטריבן די יידישע באַפעלקערונג אויפן טעפּער־מאַרק און באַפוילן אַרויסצונעמען די ספרי־תורהס און אַלע אַנדערע ספרים פון בית־מדרש און פון דער גרויסער שול און אַנוואַרפן זיי אויפן ברוק אין אַ באַרג. ווען דאָס אַלץ איז געווען אויסגעפירט האָבן זיי באַפוילן דעם רב אונטערצוצינדן דעם באַרג ספרים. ווען דער רב האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן האָבן די דייטשן זיך איבער אים „פריילעך געמאַכט״. זיי האָבן אים אַרויפגעוואָרפן אויפן קאָפּ דער רביצינס הוט און אַזוי גענומען אָפּחוזקן פון אים. דער רב, דערציילט צ. אַ., האָט סטאָיש אַריבערגעטראָגן די בזיונות, אָבער דעם באַפעל האָט ער נישט אויסגעפירט.

און ווי אומגלייבלעך דאָס זאָל נישט אויסזען, האָט דאָס מאָל דער רב אויסגעפירט, און די דייטשן האָבן אים אויפן איצטיקן מאָמענט אָפּגעלאָזן.

לייענענדיק ווייטער אין דעם ספר הזכרון ווער איך געוווירער, אַז מיין פאַרערטער רבי, הרב יעקב ליפשיץ, איז אומגעקומען אין יוזעפאָוו־בילגאָרייסק, וווהין ער איז, צוזאַמען מיט זיין עדה, פאַר־שלעפט געוואָרן דורך די היטלער־דייטשן.

זאָל מיר דאָ זיין דערלויבט צו ציטירן די שורות, וואָס איך האָב שוין אַ מאָל געהאַט געשריבן אין אַן אַנדער אָרט:

„אין אַ וועלט ווו דער שוואַכער איז שטענדיק אומגערעכט\
וועט זייער אָנדענק אונדז ראַטעווען פון ייאוש\
און שטאַרקן אונדזער וואַקלדיקן גלויבן אינעם מענטש״.

# אַ משל מיט צוויי ברידער

צוויי בעלגישע פרויען, מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַקענט אין קוראָרט ספּאַ, זענען געקומען אונדז באַזוכן, חנהן און מיך. זיי האָבן נאָך אין ספּאַ אַרויסגעוויזן אַ פאַרלאַנג נעענטער זיך צו באַקענען מיט יידן, וועגן וועמען זיי האָבן זיך אָנגעהערט אַזוי פיל גוטס און שלעכטס (דער עיקר שלעכטס).

נאָך עטלעכע שעה פאַרברענגען אין אונדזער געזעלשאַפט זענען זיי אַוועק מיט צעשמייכלטע פּנימער פאַרבעטנדיק אונדז צו זיך מיט אַ סך וואַרעמקייט.

*

די לעצטע יאָרן האָט דאָס לעבן אונדז שוין געהאַט צונויפגע־בראַכט מיט קריסטלעכע פריינט, צווישן זיי גייסטלעכע און אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן. דאָס צוזאַמענטרעפן זיך מיט די דאָזיקע פריינט האָט אונדז געבראַכט צו דער באַקענטעניש, אַז דאָס זענען, אין כּלל גענומען, גוטע מענטשן, פעיקע אויף איבערגעגעבנקייט צו אַ נאָענטן.

איך מוז אָבער זאָגן אַז גלייכצייטיק איז נישט אָפּגעטרעטן דאָס פיינלעכע געפיל, אַז צווישן אונדז שטייט עפּעס אַן אומגעזעענע חיה־רעה, וואָס איז צו יעדער רגע גרייט צו געבן אַ שפּרונג־אויף און מיט איין זעץ אונדז צוריקשליידערן אין אונדזערע פריערדיקע אָפּצוימונגען, פון וואַנען יעדער וועט אַרויסשרייען דאָס שרעקלעכע וואָרט „ייִדעלע!" אָדער „גוי!".

דאָס האַרץ טרויט זיך נישט צו. אַזוי פיל דורות פון אומצוטרוי,

פון וויסטן חשד און פאַרפרעמדקייט ליגן צווישן אונדז! צי קען דאָס אַלץ פאַרשווינדן מיט אַ מאָל דורכן גוטן ווילן פון מענטשן, וואָס גייען אַרויס אין קאַמף קעגן דער מוראדיקער חיה מיט זייערע בלויזע פרומע ווונטשן? צי קען אַ דערנענטערונג, וואָס איז געבויט אויף אַ שעמעוודיקער האָפענונג פון „אפשר דאָך?", „אפשר איצט?", צי קען אַזאַ התקרבות אויסהאַלטן אַן אָנפאַל פון דער מינדסטער אומ־פאַרשטענדעניש, וואָס איז דאָך צווישן מענטשן אַן אומפאַרמיידלעכע זאַך? דאָס גרינגסטע ווינטל קען דאָ אַרויסרופן אַ שטורעם, אַ פאַר־פלייצונג, וואָס רייסט מיט און פאַרטרינקט די שענסטע חלומות און דערוואַרטונגען פון אַ בעסערער צייט!

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די פיינלעכע איבערלעבונג, וואָס איך האָב געהאַט מיט מיין גוטער פריינדין זש. ב.

זש. ב. איז אַ בעלגישע פּאָעטעסע. זי איז נאָך יונג און האָט שוין אַרויסגעגעבן דריי לידער־זאַמלונגען.

איך האָב מיך באַקענט מיט איר אין אַ ליטעראַרישן קרייז; מיר זענען גיך געוואָרן פריינט; איך האָב דייטלעך געהאַט דאָס געפיל, אַז דער ענין ייד־קריסט איז גאָר געווען אַ סטימול פאַר אונדזער דערנענטערונג.

ס'איז געווען אַן אָפּרישנדיק געפיל, אַ געלייטערטע עמפינדונג, וואָס מיר האָבן ביידע אָפּגעפילט אין דער זעלביקער צייט.

נישט לאַנג דערנאָך האָט זי אָנגעשריבן אַ פּאָעמע, וואָס איז קענטיק געווען אינספּירירט פון אונדזער טרעפן זיך. איך מוז דאָ צוגעבן, אַז די שורות זענען אָנגעשריבן נישט בלויז מיט טאַלאַנט, נאָר אויך מיט אַן אַדורכגעלעבטער דערהויבנקייט.

און אָט איז די פּאָעמע אין אַ יידישער איבערזעצונג:

ישעיה זאַנדבערג

## אַ משל מיט צוויי ברידער

בין איך נישט געווען דעם מלכס אַ קינד ?
דער הימל איבער מיין וויג איז געווען געוועבט פון יענעם זייד,
וואָס מען געפינט אים אין פרימאָרגן,
ווען דער שפינוועבס קומט אויף אין גאָרטן.
די חופה פון מיין וויגל איז געווען געשפינט פון יענעם גאָלד,
וואָס טריפט אַראָפּ פון הענט פון קאַשטאַן־ביימער,
ווען ס׳קומט סעפּטעמבער אין געקרוינטן וואַלד.
מיינע שפּייזערס זענען געווען די אַקאַציע און דער בוקסבוים,
דער ווינט פון פלאַנדערן האָט מיך געלערנט צעצוויגענע רייד,
נאָך אָנגעזאַפּטע פול מיט ימען־ריחות,
איך האָב מיט זיי געפלאָכטן לאַנגע בענדער
פון שניידנדיקע שאַרף־גערוישן.
אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ זעלטענע בלום
וואָס וואַקסט עקשנותדיק אויפן שטיינערנעם ברוק ?

איז געקומען הקדוש ברוך הוא
פירנדיק אַ קינד ביי דער האַנט.
— איך הייס ישעיה, האָט געזאָגט דאָס קינד.
מיט ימישע רייד, געמישט מיט זאַמד, האָב איך געענטפערט :
— דו הייסט, אויב אַזוי, א י ז אַ ק ?
דו קומסט פון ווייט, דו האָסט בעריאָזן־ביימלעך אין די אויגן,
און שוואַרצע ציפּרעסן פלאַקערן אין דיין האַרץ,
ווי אַ בלומען־בוקעט פון געצונדענע ליכטער.
און איך בין, ווי דער ים, ברוטאַל און מעכטיק,
ווילד באַפאַל איך די פאַרצוימונגען פון לעבן,
בשעת דו ווייסט דעם סוד פון שווייגן און פון וואַרטן. —
ביסטו עס מיין ברודער, ישעיה ?

ער איז צוריקגעקומען דער קדוש ברוך הוא,
און ס׳האָבן די קינדער אין איין קול צוזאַמען
אָנגערופן זייער פאָטער ביים נאָמען;
אַזוי האָט ערביידע קינדער זיינע
ביי דער האַנט גענומען.

זש. ב. נאָוועמבער 1964

*

מיר האָבן אָפט זיך געפלעגט טרעפן און פאַרברענגען אין אַ משפחהדיקער אַטמאָספער ביז... עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה פון די זעקס טעג. חנה און איך האָבן מיר ביידע איבערגעלעבט טעג פון אָנגעשפאַנטער פיין. אונדזער זאָרג פאַרן גורל פון די יידישע רעשטלעך, וועלכע האָבן זיך קוים געהאַט אָפגעראַטעוועט פון דער גרויזאַמער פאַרלענדונג, איז לייכט צו פאַרשטיין. דאָס טראַכטן וועגן דעם מצב פון יידן בכלל האָט צוגערויבט דעם לעצטן סימן פון רו.

אין אַזאַ טאָג האָט זש. ב. געקלונגען צו אונדז אין טעלעפאָן. מיר האָבן תחילה געמיינט, אַז אין אַזאַ מאָמענט וויל זי אונדז זאָגן עפּעס אַ פריינטלעך וואָרט, אויסדריקן אונדז איר סימפּאַטיע וכדומה. אָבער אונדזער אַנטוישונג איז געווען גרויס: אַנשטאָט אַ טרייסט־וואָרט האָבן מיר געהערט גאָר עפּעס אַנדערש. זש. ב. האָט אַריינ־גערעדט אין טעלעפאָן בזה הלשון:

„ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטן אויף אַזאַ זאַך מצד די יידן פון ישראל? פלוצלינג זענען זיי באַפאַלן די אַראַבישע פעלקער און פאַרפירט קעגן זיי אַ מלחמה! דערנאָך וועלן זיי קומען און זיך צעיאַכמערן אויף זייער ביטער מזל!״.

מיר זענען אויף דער הייסער מינוט געוואָרן אַזוי צעמישט, אַז מיר זענען נישט געווען בכוח צו רעאַגירן מיט וואָס עס זאָל נישט זיין אויף דעם אומגעריכטן, ווילדן אָנפאַל. זינט יענעם טאָג זענען

אָפּגעלאָפּן אַ סך, אַ סך חדשים, און מיר האָבן דורך דער צייט נישט געזוכט זיך מיט איר צו טרעפן. עפּעס איז געשען, וואָס האָט צע־טרייסלט אונדזערע, מיט אַזוי פיל מי אויפגעבויטע „שלעסער אין דער לופטן".

די מלחמה פון די זעקס טעג איז געענדיקט, נאָר די מלחמה פון אַלע טאָג איז נאָך אַלץ אין פולן גאַנג...

פונדעסטוועגן... ווער קען זאָגן אַז מען דאַרף נישט אָנהייבן צו בויען פון דאָס ניי? ווער קען זאָגן, אַז מען דאַרף זיך נישט אַדורכנעמען מיטן גלויבן, אַז סוף־כל־סוף וועט די דאָזיקע מי זיך נישט אַרויסווייזן ווי אַן אַרבעט אַ לאַ סיזיף?

# קאָרעספּאָנדענץ מיט וואַרשע און מיט מאָסקווע

ווער ווייסט דאָס נישט, אַז עס זענען פאַראַן בריוו, אויף וועלכע ס׳איז שווער צו ענטפערן באַלד נאָכן דערהאַלטן? ווי דער שטייגער איז, לייגט מען אָפּ אַזאַ ענטפער אויף „שפּעטער" און נאָך דעם זוי ס׳גייען אַוועק חדשים איז שוין שווער צו געפינען אין זיך גענוג ענערגיע צו דערפילן דעם עלעמענטאַרן חוב לגבי אַ פריינט.

אָבער די בריוו, אויף וועלכע איך נעם מיר איצט פאַר צו ענט־פערן, רופן אַרויס אַ פּראָבלעם פון אַ באַזונדערן כאַראַקטער.

דער בריוו פון פּ. ש. קומט פון וואַרשע, און שוין דער בלויזער נאָמען דערוועקט היינט ביי אַ ייד אַן אידייען־אַסאָציאַציע, וואָס איז פיינלעך און ברענגט אומרו. אין איר לעצטן בריוו גיט מיר פּ. ש. אַן אָנצוהערעניש, אַז איך זאָל נאָך וואַרטן מיטן איבערשיקן איר מיין בוך וואָס איז דערשינען אין ישראל... פרעג איך מיך נאָך אַלץ: צי וועט נישט דאָס בלויזע שרייבן מיינס איר גורם זיין צרות מיט שוועריקייטן. באשר בכן, זי פירט דאָך עפּעס אַ קאָרעספּאָנ־דענץ מיט אויסלאַנד!

צוליבן זעלביקן טעם, האָב איך שוין לאַנג נישט געשריבן צו מיין פריינט י. ל. פון מאָסקווע.

איך האָב מיך געהאַט לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, צי איך זאָל אים ענטפערן אויף זיין בריוו, וואָס איך האָב פון אים דערהאַלטן פאַר אַ יאָרן (נישט געווען דאַטירט). סוף־כל־סוף האָב איך אים פאַר דריי חדשים צוריק געשריבן אַ פּאָר ווערטער צום טויט פון אונדזער

פריינט יצחק קלעטשעווסקי און גלייכצייטיק האָב איך אַרויסגעשיקט מיין בוך „קלאַנגען״.

שרייבט ער מיר איצט, אַז מיין בריוו האָט ער דערהאַלטן, אָבער דאָס בוך נישט... קלער איך איבער: דאָס בוך איז אַרויסגעגאַנגען אין ישראל און שוין צוליב דעם אַליין קען ער האָבן צרות. און אפשר זאָל איך פונדעסטוועגן פּרווון שיקן אַן אַנדער עקזעמפּליאַר?

*

דער עסייאיסט י. ל. איז אַ שוואָגער פון רומרייכן פּאָעט אשר שוואַרצמאַן; זיין בריוו פון פאַר אַ יאָרן איז געווען זיין ערשט שרייבן צו מיר; די זאַך איז געווען אַזוי:

אין דער וואַרשעווער „פאָלקסשטימע״ פון 4טן נאָוועמבער 1967 איז דערשינען אַן אַרטיקל פון שלמה בעליס (לובעצקי) א״ב „דער ערשטער אין דער רומפּולער ריי״, ווו ער פאַרנעמט זיך מיט דער טעמע „אָשר שוואַרצמאַן דער גרונטלייגער פון דער נייער יידישער פּאָעזיע אין סאָוויעט־רוסלאַנד״.

אין דאָזיקן מאמר דריקט דער מחבר אויס זיין באַדויערן דערויף, וואָס „ביז היינט פאַרמאָגן מיר נישט, צוזאַמענגענומען אין איין אָרט, אין טאָמען, קיין מעגלעך אויסשעפּיקן מאַטעריאַל וועגן זיין (אָשר שוואַרצמאַנס) לעבן, זכרונות וועגן אים און דאָס וואָס איז פאַר אַזוי פיל יאָרן געזאָגט געוואָרן וועגן אים. אַלץ צוזאַמען וואָלט געווען נישט ווייניק אפשר צו באַקענען דעם לייענער מיטן דיכטער, מאַכן אים אינטימער כאָטש פאַר די וואָס האָבן אַן איידל אויער פאַר זיין איידל געזאַנג״.

שלמה בעליס גיט איבער אַ ריי פּרטים פון אָשר שוואַרצמאַנס לעבן, לויט ידיעות וואָס ער האָט באַקומען פון י. ל., פּרטים, זאָגט דער מחבר פון אַרטיקל, „וואָס קענען דינען פאַר אַ געוויסן צו־שטייער ביים אויפשטעלן זיין ביאָגראַפישן און זיין מענטשלעכן פּאָרטרעט״.

מיין יוגנט־פריינט יצחק קלעטשעווסקי, אַ מיטאַרבעטער פון פּאַריזער „אונדזער וואָרט״, קענענדיק פּערזענלעך י. ל. און וויסנ־דיק, אַז איך האָב אין 1965 אַרויסגעגעבן אַ בוך א״נ „פונקען אין דער נאַכט״, וווּ ס׳געפינט זיך מיין מאָנאָגראַפיע וועגן אָשר שוואַרצמאַן, אַן אַרבעט וואָס פאַרנעמט אין בוך 48 זייטן; האָט נאָכן איבערלייענען דעם מאמר פון שלמה בעליס איבערגעשיקט מיין בוך צו י. ל. קיין מאָסקווע.

אויף אַזאַ אופן האָב איך מיך באַקענט מיט י. ל. פון דער ווייטנס און מיר זענען געוואָרן פריינט.

אין זיין ערשטן בריוו צו מיר שרייבט ער מיר צווו׳ אַנדערן:

„אין יצחק קלעטשעווסקיס צוויי בריוו און אין אייערע עסייען איז צו זען מיט וואָסער אַ יונגער קאַלישער כאַליאַסטרע (אָשר שוואַרצמאַן האָט, ווי באַוווּסט, געדינט אין 14טן קאַוואַלעריע־פּאָלק אין דער פוילישער גובערניע־שטאָט קאַליש) איז אָשר געווען דעמאָלט ענג פאַרבונדן, און ווי מיט זיין קינסטלערישן אינטואיטיוון חוש ער האָט דערשפּירט דעם ניצוץ אלהים, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען טיף פאַרבאָרגן אין יעדן פון אייך און וואָס האָט זיך דערנאָך אזוי צעפלאַמט און צעפלאַקערט ביז „פונ־קען אין דער נאַכט״. (...) „מיך פרייט פאַר אונדזער טייערן אומ־פאַרגעסלעכן אָשרן, וואָס דער צופאַל האָט אים אַריינגעבראַכט אין אייער חברותא, וואָס איז דערנאָך דערהויבן געוואָרן צו אַזאַ הויכער מדרגה״.

(...) „מיר איז זייער צום האַרצן וואָס איר האָט זיך גענומען פאַר אַזאַ הייליקער אַרבעט, באַהויכן און באַזינגען דאָס לעבן און שאַפן און דעם גרויזאַמען אומקום פון די זיבן קדושים, די שיינע און הויכע גייסטער, וואָס מ׳דאַרף אוודאי וואָס אָפטער נאָך זיי קדיש זאָגן און זיי מזכיר נשמות זיין.״ (...) „אייער גרויסער עסיי וועגן אָשרן, אין וועלכן איר האָט אַפילו מיר אַליין אַ סך נייעס

דערציילט פון זיין קאַלישער פעריאָד, איז מיר באַזונדער ביז גאָר ליב און טייער. ווי איינער אַ גאָענטער מיטגליד פון דער געהויבענער שוואַרצמאַן־משפחה דריק איך אייך אויס אונדזער האַרציקסטן נשמה־דאַנק!".

(...) „איך בין איצט אויסן אונטערצושטרייכן נאָר איין מאָמענט: אויסער דעם תוך פון אייערע איכהדיקע סיפורי המעשיות, (...) האָב איך אין אייערע עסייען איינציייטיק געזוכט אייך אַליין". (...)

דער לייענער וועט מיר מוחל זיין, וואָס צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים היפּער איך איבער עפּיטעטן, וועלכע ס'איז מיר נישט באַקוועם דאָ איבערצוחזרן.

איך וויל מיר אָבער דערלויבן דאָ צוצוגעבן, אַז נעבן פאַרשיידענע אינסינואַציעס און מער־ווינציק בייזוויליקע אָנצוהערענישן וועגן מיין שרייבן, איז מיר שוין אויך אויסגעקומען צו הערן רייד פון לויב און אָנערקענונג, אָבער איך בין באַזונדער פילבאַר פאַר די דברים היוצאים מן הלב פון י. ל., וועלכער איז פאַר מיר ווי אַ המשכדיקייט פון אַן אַנדער לעבן, ווי אַן אינטימע דערמאָנונג און ווי אַ מאָנונג, וואָס פאָדערט מיך אויף צו געדענקען אַ צוזאָג... אַ צוזאָג, וואָס איך האָב געגעבן יענעם, ווען איך האָב פאַרטרויט מיינע פּריסטע יוגנט־איבערלעבענישן מיט זייער ערשטער פּיין, בשעת ער האָט מיר דערויף געזאָגט:

— שרייב אָן עפּעס אַ שטאַרקע זאַך!

מיין גאַנץ לעבן הער איך דעם דאָזיקן אימפּעראַטיוו און קיין מאָל בין איך נישט זיכער אַז עס זאָל מיר זיין אָפּגעראָטן אים צו האָבן מקיים געווען.

# אין אָפּגעשיידנקייט

באַקומען אַ בריוו פון אַ שוועסטער פון פּ. ש., אין וועלכן זי שרייבט מיר, אַז מיין לעצטער בריוו „איז שוין פון איר נישט געלייענט געוואָרן...״ ווייטער שרייבט זי מיר:

„פּ. האָט מיר מער ווי איין מאָל דערציילט וועגן אייך. (...) פון אינהאַלט פון אייער בריוו דרינגט אַרויס, אַז איר האָט פאַר איר געהאַט געפילן פון האַרציקער פריינטשאַפט. דערפאַר דערלויב אין מיר אייך צו שרייבן אין אַ פאַמיליאַרער פאָרעם. מיין בריוו וועט ברענגען טרויער און ווייטאָג, אָבער מיט פריינט טיילן מיר זיך סיי מיט אונדזערע פריידן און סיי מיט אונדזער טרויער. (...) זי איז אַוועק פון דער וועלט דעם 12טן דעצעמבער 1969, זיבן אַ זייגער פאַר נאַכט״.

*

פּ. ש. האָט אין די אַלע יאָרן וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין מינסק, ווו זי איז געווען ביבליאָטעקאַרין אין דער שטאָט־ביבליאָטעק, ביז אירע לעצטע טעג אין וואַרשע, איבערגעלעבט אַ מוראדיקע צייט. ס׳איז אַ שוידער צו טראַכטן וועגן דעם, און ווען איך דערמאָן מיך אָן איר גליקלעכער קינדהייט, איר זאָרגלאָזער יוגנט, ווען זי איז געווען אַרומגענומען מיט אַזוי פיל ליבשאַפט, סיי אין איר אייגענער משפחה און סיי אין דער סביבה פון אירע פריינט, פיל איך אָפּ די גאַנצע האַרטקייט פון גורל, וועלכער האָט שוין דעמלט געהאַלטן גרייט פאַר אירטוועגן אַ טשאַטע אומגליקן, וואָס האָבן זי דערנאָך דערגרייכט מיט זייער גאַנצער גרויזאַמקייט.

צענדליגער יאָרן האָב איך פון איר נישט געהערט. ערשט אין 1965 האָב איך פון איר דערהאַלטן אַ לעבעדיקן גרוס פון וואַרשע.

אַן איבעררעאַשטער, האָב איך איר צוגעשיקט די עטלעכע שורות: „אַזוי פיל יאָרן טיילן אונדז אָפּ פון יענע טעג, וואָס דעם מענטש איז נישט געגעבן געוואָרן איבערצולעבן צוויי מאָל. אַ סך פון די נאָענטסטע זענען געוואָרן אַרויסגעריסן פון צווישן אונדז און שוין אויף אייביק אונדז געמאַכט פאַר אבלים. אַזוי פיל אומגליק, אַזוי פיל צער! ווי קען דען מעגלעך זיין, אַז אַ מענטש־לעך האַרץ זאָל זיך נאָך קענען פרייען?

אָבער איך פיל דאָך פאָרט, אַז איך פריי מיך אין דער מינוט. ווייל אין דעם וואָס די צייט, די אַלטע מכשפה, האָט אָפּגעווישט מיט איר פאַרדאַרטן פלעדערוויש, האָט נישט געקענט פאַרלוירן גיין די שטילע ליכטיקייט וואָס לייכט אַדורך די געדיכטסטע ווענט".

אויך פ. ש. האָט זיך געפונען אונטערן רושם פון דער ערש־טער איבעררעאַשונג. זי האָט געשריבן: „גרויסע אומגליקן ווערן געוויינטלעך באַגלייט פון גרויסע נסים. מיר האָבן געהאַט אַ סך נסים אין לעבן! מיר פרייען זיך מיט זיי אָן שום צוריקהאַלט. (...) אין מיין עלטער וווּנדערט מען זיך נישט מער. מען שטעלט זיך צופרידן מיט קאָנסטאַטירן פאַקטן. אָבער ס'וועט שטענדיק בלייבן פאַר מיר אומפאַרהאָפּט דער פאַקט פון האָבן די מעגלעכקייט אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער וועלט, וועלכע איז פאַר אונדז אין פאַרלויף פון יאָרן געווען אויף אַן אַנדערן פלאַן פון דער היס־טאָריע. דאָס וואָרט און די ממשותדיקייט פון דעם דורכגעלעבטן האָבן נישט קיין גלייכע דימענסיע. (...) אונטער די הייזער פון מיין געגנט געפינען זיך מענטשלעכע ביינער. ס'איז שוין חודש מאַי, און ס'איז זייער קאַלט, מען באַגנבעט אונדז אָפּט, אויב נישט טאַקע שטענדיק".

איך לייען די קורצע שורות, וועלכע דערציילן אויף אַזאַ דיסקרעטן אופן וועגן שווערע משאות, וואָס ליגן אויף די פּלייצעס פון דעם געליטענעם, און דאָס ברענגט מיך צוריק צו טראַכטן וועגן יענער צייט, וואָס איז געווען דער אָנהייב פון יוגנטלעכקייט און פון גלויבן, ווען אַלץ איז געווען צוזאָגנדיק און פול מיט דערוואַרטונג.

ווי מוז דאָס לעבן זי האָבן געשלאָגן, אַז מיט עטלעכע צענ־דליגג יאָר שפּעטער שרייבט זי מיר אין אַ בריוו:

„דערהאַלטן אייערע ביידנס פּאַטאָס. איך באַוווּנדער אייערע רואיקע פּנימער און באַוועגונגען, — אַן אומבאַקאַנט געפיל אין מיין גאַנצן לעבן״.

איז דאָס מעגלעך, אַז איבערלעבונגען זאָלן קענען אַראָפּווישן ביז צו די שפּורן פון יענע האָפערדיקע טעג, ווען די פרייד האָט זיך, ווי ווייַן, געגאָסן אין דער לופט און פאַרשיכורט אַלץ וואָס איז געווען יונג?

אין יענע יאָרן פון ערשטקייט האָבן אַלע זי ליב געהאַט, און פאַר וואָס האָב איך זי נישט געזאָלט ליב האָבן?

אַ גאַנץ מענטשלעך לעבן איז אַדורך זינט יענער צייט. איצט דערנענטערטן מיר זיך אַלע צו דער רגע ווען אַלץ שטעלט זיך אָפּ, הערט אויף און בלייבט בלויז איבער אין די דערינע־רונגען פון אונדזערע נאָענטסטע, פון וועמען מיר וועלן מיט אונדזער אַוועקגיין צונעמען אַ טייל פון זייער אייגענעם לעבן.

## כמו אַן אַריינפּיר

דער פאַרלאַנג צו וועלן אויפנעמען די מערקווערדיקייטן אין דער נאַטור און די ווערק פון דער מענטשלעכער האַנט טרייבט אונדז אַרויסצוכאַפּן זיך פון אונדזערע דלת אמות אין דער דרוי־סנדיקער וועלט, צו וועלן זיין אומעטום, זען און באַוווּנדערן אַלץ וואָס איז עלול אַרויסצורופן אין אונדז דעם עמאָטיוון ציטער פאַרן באַשאַף.

אָבער נישט ווייניקער, און אפשר נאָך מער, שטרעבן מיר צו באַקענען זיך נענטער מיטן מענטש גופא; ווילן מיר אַריינ־דרינגען טיפער אין זיינע גלייבונגען און אופנים פון דענקען, ווי זיי מאַניפעסטירן זיך ביי אים אומעטום ווו נאָר ער זאָל זיך נישט געפינען.

קוקן מיר זיך צו פון דער נאָענט, דערזעען מיר באַלד, אַז אין תוך רעאַגירט די פאָלקס־פאַנטאַזיע אָפט מאָל אויף געשעע־נישן, וואָס זאָלן זיין פאָרגעקומען אין די פאַרשיידנסטע עפּאָכעס און אין די ווייט אָפּגעלעגנסטע צווישן זיך ערד־שטחים אויף אַן ענלעכן אופן.

אין אונדזערע שפּאַצירן אויף די וועגן און אומוועגן פון די אַלטע פאָלקס־מינהגים טרעפן מיר זיך כמעט שטענדיק אָן אויף ענלעכע מוסר־השכלס, אויף דער זעלביקער אָפּטימיסטישער לע־בנס־חכמה, יושר־געפיל און געזונטער אָפּשאַצונג פון די מענטש־לעכע מעשים.

און אויב ס'איז כדאי נעענטער זיך צו באַקענען מיטן עבר, כדי בעסער צו באַנעמען דעם מאָרגן, איז מיט וועמענס הילף קענען מיר נאָך אַזוי זיין בכוח טיפער אַריינצודרינגען אין די געהיימע קעמערלעך פון דער מענטשלעכער נשמה, אויב נישט דורך דער הילף פון די פאָלקס־מינהגים און לעגענדעס? וואָס קען אונדז נאָך אַזוי פאַרהעלפן צו דערגרונטעווען זיך צו די אוצ־רות, וועלכע ליגן באַהאַלטן אין מענטשלעכן געמיט, ווי די חכמה וואָס רופט זיך פאָלקלאָר?

ווי אַן אילוסטראַציע קענען אונדז דינען די פאָלקס־מעשהלעך און מינהגים, וואָס זענען אויפגעקומען אין די ווייט־אָפגעטייל־טסטע צווישן זיך לענדער, ביי פעלקער און שבטים, וואָס האָבן געלעבט אין די פאַרשיידנסטע צייטן. די דאָזיקע מינהגים און לעגענדעס האָבן אין זיך די אייגענע עלעמענטן און טענדענצן, ווערנדיק באַווירקט פון גלייכע צו זיך פסיכישע כוחות. זיי ווייזן אונדז די טוגנטן, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אויף די פאַרשיי־דנסטע אופנים, אַנטפּלעקנדיק די אַלגעמיין מענטשלעכע ווערטן.

און דאָ ליגט, לויטן ענגלישן פילאָסאָף לאָרד בעיקאָן, דער חילוק פון געשיכטע און לעגענדע. „פונקט — זאָגט לאָרד בעיקאָן — ווי די אַקטיווע וועלט איז נידעריקער פון דער שכלדיקער נשמה, אַזוי גיבן לעגענדעס דער מענטשהייט דאָס וואָס געשיכטע זאָגט אָפּ. די מעשה באַלוינט אָדער באַשטראָפט לויט דעם פאַר־דינסט אָדער שולדיקייט פון מענטש. זי לערנט אונדז מאָראַל און ריינקייט פון דער נשמה".

דער אייביקער דורשט נאָך גערעכטיקייט, וואָס ווערט אַן איינגעוואָרצלטע רגילות אין די ערשטע קינדער־יאָרן, געפינט זיין בעסטן אויסדרוק אין דער מעשה.

אַזוי, למשל, איז ביי אַלע פעלקער דער שטן אַ בייזער כוח, וואָס רעדט אָן דעם מענטש צו שלעכטס, קומט אונטער, פאַרפירט

און מאַכט אים צו שאַנד און שפּאָט. אָבער די פֿאָלקס־־פֿאַנטאַזיע קומט דעם מענטש צו הילף און ראַטעוועט אים אַרויס פֿון דעם נישטגוטנס הענט.

קאַפּיטל איינס

# דעם שטנס הילף און דעם טייוולס שייער

דער ערשטער ווייגאָרטן.

נאָכן מבול, ווען די ערד איז געווען וויסט און האָט אין ערגעץ נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון לעבן, האָט נוח זיך געשטעלט פלאַנצן אַ ווייגאָרטן. די זאַך איז אים געווען זייער איילִיק. ער האָט געוואָלט כאָטש שוין, באַלד זען אויפגיין די גערעטעניש פון זיין כרם, געניסן פון די פּירות און האָבן פאַר זיך דעם באַווייז אַז די נאַטור לעבט אויף צוריק ווי געווען.

ער האָט דעריבער געאַרבעט אָן איבעררייס, אָפּגייענדיק אין שווייס. אין איינעם פון די נאָכמיטאָג־שעהען האָט ער אַ מידער, מיט דער האַנטפלאַך זיך געמאַכט אַ דעכל איבער די אויגן און אַרויפגעקוקט צום הימל, כדי צו זען ווי ווייט ס׳איז נאָך צו זון־אונטערגאַנג, ווען ער וועט זיך שוין קענען אָפּרוען פון דער שווערער פּראַצע.

אין דעם מאָמענט איז פאַר אים אויסגעוואַקסן דער שטן און געפרעגט:

— פאַר וואָס האָסטו עפּעס גענומען פלאַנצן דווקא אַ ווייגאָרטן?

— דערפאַר, האָט נוח אים געענטפערט, ווייל אַחוץ וואָס דער ווייטרויב איז געשמאַק צום עסן, קען מען נאָך פון אים

אויספרעסן דעם זעלטענעם געטראַנק וואָס דערפרייט דאָס מענטש־לעכע האַרץ.

רופט זיך אָן דער שטן:

— איך זע דאָך, אַז עס איז דיר שווער, איז אויב דו ביסט מרוצה, וועל איך דיר העלפן.

— מהיכא תיתי, איז דער איש תמים מסכים, און ער נעמט אָן די הילף פונעם בעל־דבר.

איידער אָבער דער שטן האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט האָט ער געבראַכט צו פירן אַ לעמעלע, אַ לייב און אַ חזיר, און נאָך דעם ווי ער האָט זיי אַלע געשאָכטן האָט ער מיט זייער בלוט אָנגעטרונקען דעם באָדן.

ווען נוח האָט אים געפרעגט פאַר וואָס ער טוט דאָס, האָט אים דער שטן געענטפערט:

— וויסן זאָלסטו, אַז ווען דער מענטש באַגנוגנט זיך מיט איין כוס וויין, איז ער געגליכן צו אַ לעמעלע, וואָס ווייסט נישט פון קיין שלעכטס; טרינקט ער צוויי כוסות, ווערט ער געשטאַרקט ווי אַ לייב; אָבער ווען ער נעמט זיך טרינקען אָן אַ מאָס, ווערט ער שיכור און איז געגליכן צו אַ חזיר, וואָס וואַלגערט זיך אין דער בלאָטע.

דאָס זאָגנדיק. האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט אַזאַ ברען, אַז נאָך איידער די זון איז אונטערגעגאַנגען איז אַלץ פאַרטיק געוואָרן.

אַזוי ווי דאָס איז, כידוע, געווען די צייט פון לויטער נסים, האָט נוח נישט געפרעגט קיין קשיות. ער האָט אַראָפּגענומען די רייפע פרוכט פון זיין כרם, אויסגעפרעסט דעם וויין, זיך אָנגע־טרונקען און שיכור געוואָרן. פון שיכרות איז אים הייס געוואָרן, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בגדים און אַזוי אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד און אַנטשלאָפן געוואָרן.

חם, דער מיטלסטער פון נוחס דריי זין, האָט געזען ווי דער פאָטער, דער צדיק, וואַלגערט זיך אַן אָדם־נאַקעטער אויף דער הוילער ערד, האָט ער גענומען פון אים אָפּשפּאָטן, מאַכן פון אים חוכא ואיטלולאָ און נאָך דעם איז ער געגאַנגען צו זיינע ברידער דערציילן דעם פאָטערס שאַנד.

באַטריבט פון דעם פאָטערס שטרויכלונג און פון דער הפק־רות פון זייער ברודער, האָבן שם און יפת אַרויפגעוואָרפן אויף דער גיך אַ מאַנטל אויף זייערע פּלייצעס און, גייענדיק הינטער־ווײַלעכץ ביז זיי זענען צוגעקומען צום פאָטער, האָבן זיי אים צוגעדעקט און אַזויערנאָך אים באַפרייט פון שטנס מאַכט.

ווען נוח האָט זיך אויסגעניכטערט האָט ער געבענטשט זיי־נע זין שם און יפת און זיין ווידערשפּעניקן זון חם האָט ער גע־טאַדלט. פון דעמלט אָן איז דער נאָמען חם געוואָרן אַ זידלוואָרט צווישן מענטשן.

## דעם טייוולס שייער

אין בראַבאַנטישן דאָרף אַמעלגעם נעבן בריסל קען מען נאָך היינט זען אין אַ פּויערישער ווירטשאַפט אַ שייער, וועלכער וואַרפט זיך אין די אויגן מיט זיין אומגעוויינטלעכער גרייס.

דער שייער, וואָס לויט אַן אויפשריפט אויף אַ שטיין, וועל־כער איז איינגעמויערט אין געביי, איז ער אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1637, שטייט אָפּגעזונדערט פון אַלע איבעריקע בנינים פון דער אַלטער פערמע. אַרויסהייבנדיק זיך הויך אויף אַ בערגל צייכנט ער זיך שאַרף אָפּ אין אַרומיקן פּייזאַזש און מען זעט אים פון ווי ווייט.

אין די אַנאַלן פון בעלגישן פאָלקלאָר טראָגט דער בנין דעם

נאָמען: „דע דעיוועלס־כיאיר״ (דעם טייוולס שייער). דעם נאָמען האָט ער צו פאַרדאַנקען דער דאָזיקער מעשה שהיה:

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט אַ פויער — ער זאָל האָבן גע־הייסן יאַן וואַן בעיוועך — אַראָפּגענומען פון זיינע פעלדער אַזאַ שלל מיט תבואה, אַז ער האָט פּשוט נישט געהאַט ווו זי אַהינ־צוטאָן, ווייל דער שייער וואָס ער האָט געהאַט איז געווען צו קליין אַריינצונעמען די געראָטעניש פון דעם יאָר.

איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צעררודערטער, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן, ווי אַזוי צו פאַרהיטן, אַז די גאַנצע שפע זאָל נישט גיין לאיבוד, זייענדיק אויסגעשטעלט אויפן רעגן און אַנדערע שלעכ־טע וועטערן.

ווי עפּעס אויף להכעיס האָבן זיך גראָד גענומען ציען איבערן הימל קליינע טונקעלע וואָלקנדלעך, וואָס דער ווינט האָט סטאַ־דעסווייז געטריבן אויף מיזרח־זייט. ביימער האָבן אָנגעהויבן זיך בייגן צו דער ערד און די שטוב־חיות זענען פון זיך אַליין געלאָפן אין די שטאַלן אַריין.

— צום טייוול! — האָט אויסגעשריגן דער פויער — צום טייוול! און אין דער מינוט איז, ווי פון אונטער דער ערד, אויס־געוואַקסן אַן אומגעהאַרישער פאַרשוין האָבנדיק שטיין הינטער זיך אַ האַנטוועגעלע, ווו ס׳האָבן זיך געפונען כלעריליי סטאָלער־מכשירים. ער האָט זיך געוואַנדן צום דערשראָקענעם פויער מיט זיסע רייד און אים אָנגעבאָטן זיין הילף. ער נעמט זיך אונטער, האָט ער דעם פויער פאַרזיכערט, איינער אַליין אויפצושטעלן איבער נאַכט, נאָך איידער דער האָן וועט קרייען, אַזאַ גערוימען שייער, אַז ס׳וועט דאָרט זיין פּלאַץ נישט בלויז פאַר דער אָנגע־זאַמלטער תבואה, נאָר ס׳וועט נאָך בלייבן אָרט פאַר פאַרשיידענע אַנדערע זאַכן פון דער ווירטשאַפט.

דער פויער האָט זיך לאַנג געיישובט. ער האָט דאָך שוין

געזען מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן. און געוווּסט האָט ער, אַז די לייט טוען קיין זאַך נישט אומזיסט און פריער, שפּעטער קו־מען זיי פאָדערן זייערס. האָט ער דאָך טאַקע געהערט ווי יענער האָט נאָך עפּעס געזאָגט אונטער דער נאָז, וואָס מען האָט רעכט נישט געקענט פאַרשטיין. אָבער וועלנדיק שוין באַלד אַרויסקו־מען פון דער קלעם, האָט ער זיך געלאָזט צורעדן.

דאָס וועטער האָט זיך דערווייל איינגעשטילט און ווי ס׳איז גאָר געוואָרן נאַכט האָט זיך דער טייוול גענומען צו דער אַרבעט.

דער פויער האָט זיך געלייגט שלאָפן. ער האָט אָבער רואיק נישט געקענט איינשלאָפן. דער משא־ומתן מיטן טייוול האָט אים נישט געגעבן קיין רו. האָט ער זיך, אַ צערודערטער, געוואָרפן אויפן געלעגער און זיך צוגעהערט צום גיהנומשן גערודער אין דרויסן.

די פויערטע האָט אין שלאָף כסדר געהערט ווי דער רעגן קלאַפּט און רייסט דעכער. באַלד וועט ווערן אַ תל פון גאַנצן גערעטעניש! אַ דערשראָקענע האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און גאָר געהערט, אַנשטאָט דעם רעגן, אַן אומאויפהערלעך גע־קלאַפּעריי אויפן הויף. עפּעס האָט מען דאָרט געזעגט ברעטער, געקלאַפּט נעגל אין די ווענט, געהעמערט אויפן דאַך אא״וו.

האָט זי גענומען צושטיין צום מאַן, אַז ער זאָל איר זאָגן וואָס דאָס באַדייט און זי האָט פון אים אַרויסבאַקומען דעם גאַנצן אמת. וואָס טוט מען דאָ? איז זי אָבער געווען אַ גרויסע חכמה, האָט זי צונויפגענומען אַלע ליכט, וואָס זי האָט געהאַט ליגן אין הויז, און אַלץ מיט אַ מאָל אָנגעצונדן. דער האָן, מיינענדיק אַז ס׳האָט גענומען טאָגן, האָט אָנגעהויבן צו קרייען...

און דאָס ווייסט מען דאָך, אַז קוים דערהערט דער נישט־גוטער דעם ערשטן קריי פון האָן, ווערט ער אָן זיין קראַפט און אַנטלויפט צוריק פון וואַנען ער איז געקומען. האָט זיך אויס־

געלאָזט, אַז די אַרבעט איז נישט געווען אין גאַנצן פּאַרטיק, וואָ־
רעם אין אַ ווינקל, ביים סאַמע דאַך, איז געבליבן אַ קליינע
עפענונג, וואָס איז אַפילו נישט געווען שטאַרק צו באַמערקן,
ס'איז אָבער געווען גענוג, אַז דער אָפּמאַך פונעם פויער מיטן טייוול
זאָל בטל ווערן...

די דאָזיקע עפענונג האָט מען לאַנגע יאָרן נישט געקענט פאַר־
ריכטן. האָט מען זי פאַרמאַכט, האָבן זיך באַלד געוויזן לעכער
אין די ווענט. ביז דאָס גאַנצע דאָרף איז געקומען און אָפּגעריכט
אַ תפילה פאַרן שייער. ערשט דעמלט איז דער כישוף געוואָרן
אָפּגעטאָן און אַלץ איז געוואָרן צו רעכט געמאַכט.

---

ביבליאָגראַפיע:

„די פסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור" פון לייבוש לעהרער; בראשית, ט"כ—כ"ט;
ילק"ש, ס"א;
"West Brabant" door A de Naeyer, R. Martens, A. W. Maurissen.

קאַפּיטל צוויי

# טאַנעקענבראַנד און הדלקה

צווישן אַלע עלעמענטן האָט דאָס פֿייער געהאַט די טיפֿסטע ווירקונג אויפֿן מענטש זינט ער האָט געשטעלט די ערשטע טריט אויפֿן וועג פֿון זיין אַנטוויקלונג.

און דער טאַנץ איז געווען דער ערשטער קונסטאויסדרוק זיי־נער, אין וועלכן ס'האָט זיך געשטייגערט זיין בענקשאַפֿט נאָך שיינקייט, וואָס האָט אים דערנעענטערט צו זיין שלימות. רעציטאַ־ציע און געזאַנג זענען פֿון תמיד געווען די באַגלייט־מוזעס פֿונעם טאַנץ. אינעם פֿאָלקלאָר פֿון די פֿעלקער באַקומען די קונסטן זייער געשטאַלטיקונג און גיבן איבער די סימנים פֿון בשותּפֿותדיקן אַנטוויקלונגס־וועג פֿון די אַלטע, פּרימיטיווע שבטים און פֿון היינטיקן מענטש.

*

אין בעלגישן פֿאָלקלאָר פֿאַרנעמט דער יום־טובֿ פֿון „טאַנע־קענבראַנד"[1] איינעם פֿון די אָנגעזעענסטע ערטער. דאָס איז דער עלטסטער פֿאָלקס־יום־טובֿ אין בעלגיע, פֿון וועלכן, אגבֿ, די היס־טאָריקערס זענען נאָך ביז היינט נישט דערגאַנגען ווען ער איז געוואָרן איינגעפֿירט אין דעם לאַנד, אָבער מען נעמט אָן, אַז מען פֿייערט אים שוין מער ווי צוויי טויזנט יאָר.

די דאָזיקע יערלעכע פֿייערונג, וואָס איר פֿאַרבנרייכער און מיסטישער כאַראַקטער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן ביים פֿאָלק זינט

די הייִדנישע צייטן, קומט פאָר אין חודש פעברואַר אין דער פלעמישער פּראָווינצשטאָט געעראַאַרדסבערגען. זי איז אַן אָפּשפּיג־לונג פון די אַמאָליקע רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָס די דעמלטיקע איינוווינערס פון דער געגנט האָבן אָפּגעהאַלטן אויפן באַרג, וועלכן מען רופט ביז היינט: „אודינבערג", אויפן נאָמען פון גאָט „אָדין", וועלכער זאָל, לויט דער סקאַנדינאַווישער מיטאָלאָגיע, האָבן באַשאַפן דעם מענטש, האַלטנדיק איבער אים אַ שטענדיקע און וואַכזאַמע השגחה.

ווי זקנים דערציילן, לויט דעם וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון זייערע אָבות, האָט זיך דאָ נעבן דעם קוואַל, וועלכער ריזלט אויפן שיפּוע פון באַרג, געפונען אַן אַלטער „דאָלמען", ד"ה אַ קבר מיט אַ הויכן, שטיינערנעם צודעק, ווי אַ טיש, אויף וועלכן מען פלעגט יעדן ערב־פרילינג ברענגען אַ קרבן, וואָס זיין בלוט איז צעטיילט געוואָרן צווישן די אויסדערוויילטע פון פאַרזאַמלטן המון. נאָך דעם פלעגט מען וואַרפן אין טייך אַריין שטיקער ברויט פאַרן גייסט פון גאָט „אָדין", וועלכער האָט געוועלטיקט איבער די גערעטענישן אויף די פעלדער.

*

באַלד אין דער פרי ווערן די גאַסן פול מיט מענטשן, וועלכע לאָזן זיך אַהער פון אַלע בעלגישע פּראָווינצן און פון די שכנישע לענדער: פראַנקרייך, האָלאַנד און לוקסעמבורג. אַקעגן מיטאָג־צייט שטעלן זיך אויס פאַרן מאַגיסטראַט די שטאָט־אויטאָריטעטן מיט די פאַרבעטענע ערנגעסט. הינטער זיי קומט דער שטאָט־אָרקעסטער מיט די פייער־לעשערס און אַ גרעסערע גרופּע מענטשן, וועלכע טראָגן זאַלבע צווייט גרויסע קוישן אָנגעפילטע מיט די באַרימטע „קראַקעלינגען".

דאָס זענען קנאַקעדיקע און געשמאַקע בייגעלעך, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר איינעם פון די וויכטיקע רעקוויזיטן אין דער צערע־

מאַניע, וועלכע וועט שפּעטער פּאַרקומען. נאָך זיי קומט ערשט אַ המון פון אַ 15 טויזנט מענטשן און דער פּאַראַדע־צוג לאָזט זיך צום באַרג, ווו ס'האָבן זיך פּאַרצייטנס געהאַט באַזעצט די ערשטע איינוווינערס פון דער שטאָט, נאָך איידער ס'איז דאָ געווען אַ יישוב. ס'איז, אגב, איינגעפירט, אַז פון די אַרומיקע דערפער מוז כאָטש איינער פון אַ משפחה זיין אַנוועזנדיק אויפן צערע־מאָניאַל.

אויפן סאַמע שפּיץ באַרג איז שוין אָנגעגרייט אַ געדעקטער טיש, אויף וועלכן ס'שטייט אין מיטן אַ גרויסער זילבערנער בעכער אָנגעפילט מיט רויטוויין. דער דאָזיקער באַרגשפּיץ איז אָפּגעצוימט מיט דראָטן און בלויז די אויטאָריטעטן האָבן דאָרט אַ צוטריט. זיי שטעלן זיך אויס אַרום דעם טיש, בשעת אַ סאַרווערקע באַזאָרגט יעדן פון זיי מיט אַ ווייס צוועלעכל אויפן האַלדז, און אַזוי זענען אַלע גרייט צום פייערלעכן מאָמענט.

איצט ווערן די פּנימער ערנסט, ווי פאַר אַן אמתדיקער „עבודה". אַ יונגער בחור שטייט אָנגעגרייט מיט אַ גרויסער גלעזערנער כלי אין האַנט, ווו ס'ראַיען זיך אַרום קליינע גלאַנציקע פּישעלעך. ער נעמט אַרויס אַ האַנטפול און שיט דאָס אַריין אין דעם בעכער וויין.

דער מינהג וויל, אַז יעדער פון די פּני העיר און די פאַרבעטענע ערנגעסט זאָל טרינקען פונעם בעכער אַ שפּאָרע פּאָרציע משקה און ער זאָל דערביי אַראָפּשלינגען כאָטש איינס פון די לעבעדיקע פּישעלעך, וועלכע שווימען דאָרט אַרום פאַרשיכורטע.

דער בעכער, אין וועלכן מען גיסט אַלע מאָל צו רויטן וויין אַריינשיטנדיק אַהין כסדר פריש־צאַפּלדיקע פּישעלעך, גייט איבער פון האַנט צו האַנט. און ווען אַלע האָבן שוין אויסגעפירט דעם דאָזיקן ריטואַל ווערן ערשט די פּנימער צוריק אויסגעלייטערט און די מוזיק שפּילט פריילעכע ניגונים, וואָס דער עולם כאַפּט אונטער מיט גרויס ברען.

ערשט קומט די ריי אויף די זעקס טויזנט „קראַקעלינגען" וועלכע ווערן דורך די פּרנסים אַראָפּגעוואָרפֿן צו די מאַסן מענטשן, וואָס שטייען אַרום אויפֿן שיפּוע פֿון באַרג. די גליקלעכע, וועמען ס׳געלינגט צו כאַפּן אַזאַ בייגעלע, מאַכן זיך דערפֿון אַ טראָפּיי. מען שפּיליעט זיי צו צום לאַץ פֿון אַ בגד; פֿרויען באַהאַלטן זיי אין זייערע האַנטטאַשן; מען שטעקט זיי צו צו די היט אויף די קעפּ; די מוזיקאַנטן ברענגען זיי אָן אויף זייערע אינסטרומענטן; פֿאַראַן אַזעלכע וואָס הענגען זיי אָן אויפֿן האַלדז ווי אַ קמיע; די פֿאַרמערס טראָגן זיי אַהיים, אַוועקצולייגן אין די שטאַלן פֿון זייערע בהמות אויף אַ סגולה, און די קינדער עסן זיי פּשוט אויף אויפֿן אָרט.

אָבער דער שפּיץ פֿון דער פֿייערלעכקייט קומט ערשט פֿאַר אין אָוונט, ווען מען צינדט אָן דעם „טאַנעקענבראַנד".

צו דעם צוועק איז אָנגעגרייט נאָך פֿון אַ טאָג פֿריער אַ שטאַם פֿון אַ פֿאַרטריקנטן בוים. אויף סלופּעס ווערט דאָרט פֿאַרפֿעסטיקט אַ טון מיט סמאָלע. דאָס אַלץ ווערט אַרומגעבונדן מיט אַ געדיכטן פֿאַנצער פֿון שטרוי און אין גאַנצן דאַרף דאָס אָננעמען די פֿאָרעם פֿון אַן אויסגעצויגענעם סטויג אין פֿעלד, וועלכער דאַרף דאָ סימבאָליזירן דעם שניט.

ווען ס׳קומט דער אָוונט און ס׳ווערט פֿינצטער, צינדט מען אונטער דעם שטרוי מיט שטורקאַצן פֿון אַלע זייטן, און ס׳זעצט אויס אַ פֿייער, וואָס צעפֿלאַקערט זיך, פֿאַרשפּרייטנדיק זיינע פֿלאַמען ווי סיגנאַלן אויף ווייטע מײַלן אַרום.

דער אָרקעסטער שפּילט אויף דער גאַנצער פֿאַרע דאָס פּאָ־פּולערע פֿויערן־ליד „האַלמקע בראַנד!" (ברענענדיקע כאַטע) און גרויס און קליין טאַנצט אַרום דעם פֿייער, אין דער צייט ווען אין די אַרומיקע דערפֿער צינדן זיך אָן איינער נאָכן אַנדערן ענלעכע פֿייערן, און דער הימל ווערט איין גרויסער פֿלאַם, וואָס געוועלטיקט איבער דער נאַכט...

אַ סך לעגענדעס האָבן אַרומגעוועבט מיט צירערישע פּעדעם דעם דאָזיקן פֿאָלקס־יום־טוב, וועלכער שטאַמט, ווי געזאָגט, פֿון גאָר אַלטע צייטן. די פֿאַרשפּרייטסטע פֿון די אַלע פֿאָלקס־מעשה־לעך דערציילט, אַז די שטאָט גערעאַרדסבערגען איז אַ מאָל גע־ווען באַלאַגערט פֿון אַ שטאַרקן שונא, און בשעת ס׳האָט אָנגע־הויבן אויסצופֿעלן עסן אין דער שטאָט, זענען די באַלאַגערטע געפֿאַלן אויף אַ המצאה: זיי האָבן צוזאַמענגענומען אַלץ, וואָס איז זיי נאָך געבליבן, דער עיקר ברייטלעך מיט פֿיש, און אַרי־בערגעוואָרפֿן איבער דער מויער צום שונא. דער פֿיינט, זעענדיק אַז די שטאָט פֿאַרמאָגט נאָך אַזוי פֿיל עסנוואַרג, אַז זי קען זיך דערלויבן זיך צו רייצן מיט אים אויף אַזאַ אופֿן, האָט זיך מייאש געווען, אַראָפּגענומען די באַלאַגערונג און איז אַוועק. פֿאַר פֿרייד האָט מען דערנאָך אָנגעצונדן פֿייערן אין דער נאַכט.

אָבער די באַהאַוונטע פֿאָלקלאָריסטן זעען דאָ די קריסטלעך־רעליגיעזע מאָמענטן, וועלכע זענען פֿאַרמישט אין די צערעמאָניעס אין איין צייט מיט געוויסע איבערבלייבענישן פֿון געצנדינעריי.

דער קולט פֿון די היידן איז פֿון שטענדיק אָן געווען, מקריב צו זיין אַ קרבן אויף אַ שפּיץ באַרג און אים צו באַגיסן מיט וויין (יין נסך). די בייגעלעך דאַרפֿן סימבאָליזירן דעם שפּעדיקן אַראָפּנעם פֿון די פֿעלדער. אַזוי דער קוואַל און דער בוים. און דער עיקר, די פֿייערן אויף די בערג אַרום דערמאָנען אָן אַלטע היידנישע מינהגים ווען מען פֿלעגט אין עקסטאַז זיך פֿאַרבינדן מיט די יישובים אין לאַנד, און מיט טענץ און געזאַנג אויסדריקן די אומבאַגרענעצטע באַהעפטונג מיט דער נאַטור.

און די קליינע קאַפּעלע אויפֿן באַרג, ווו מען האַלט אָפּ אַ גאָטסדינסט, איידער מען טרעט צו צו די איינגעפֿירטע צערע־מאָניעס איז, ווי אין אַ סך אַנדערע ערטער, געקומען פֿאַרבייטן דעם אַמאָליקן געצנדינערישן „דאַלמען” אין דער עפּאָכע, ווען

דער פֿויפֿסט גרעגוואַר דער גרויסער האָט געהאַט באַפֿוילן אומ־צוואַנדלען איינציקווייז די היידנישע מינהגים אויף קריסטלעכע (7טער י״ה)

וואָס פֿאַר אַ שטאַרקער באַווייז דאָס איז פֿון דעם כוח פֿון טראַדיציע אין סאָציאַלן לעבן פֿון פֿעלקער, אַז ווען דער מאָטיוו פֿון אַ מינהג איז שוין לאַנג געוואָרן אויסגעווישט, האַלט זיך נאָך דאָס פֿאָלק אין דעם כישוף פֿון די אויסטערלישקייטן, וועל־כע האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין זיין מהות.

היינט איז דער רעליגיעזער כאַראַקטער, סיי דער היידני־שער און סיי דער קריסטלעכער, בלאָסער געוואָרן. דער באַרג, דער בוים, דער קוואַל און דאָס פֿייער — דאָס אַלץ דערוועקט נישט מער דעם רעליגיעזן ציטער פֿון אַ מאָל. און אין בעכער מיט די לעבעדיקע פֿישעלעך זעט נישט מער דער פֿאָלקסמענטש עפּעס אַ ריטואַלן סימבאָל. ער פֿאַרגעסט, אַז דער ווייַן דאַרף פֿאַרטרעטן דאָס בלוט פֿון אַ קרבן. ער זעט נישט מער אין פֿישל, וואָס מען שלינגט אַראָפּ לעבעדיקערהייט, אַ סימבאָל פֿון לעבנס־גייסט, ער פֿאַרגעסט אַפֿילו, אַז דער פֿיש איז שפּעטער געוואָרן אַ קריסטלעכער סימבאָל.

און דאָס געזאַנג אַרום דעם ברענענדיקן פֿאַס סמאָלע ווייזט אונדז אָן אויפֿן וועלטלעכן באַנעם פֿון היינטיקן מענטש פֿון אַקער און פֿאַרזיי. דערפֿאַר זינגט ער ביים אַנבליק פֿון פֿייער, וואָס סימבאָליזירט פֿאַר אים די באַפֿרוכפּערנדיקע זון:

„האַלמקע בראַנד!״

„זעווען זאַקען אָפּ ט׳דאַגוואַנד!״[2].

ווען פֿון די יידישע טוריסטן, וועלכע באַזוכן דאָס אָסט־פּלעמישע פּראָווינצשטעטל אין דאָזיקן טאָג, ווען קומט נישט אויפֿן זינען די אַלטע פֿייערלעכקייטן אויפֿן באַרג יאַרמאַק אין מירון, נעבן דער הייליקער שטאָט צפֿת?

*

ווער עס האָט נאָר בייגעוווינט די הדלקה אויף ר׳ שמעון בר יוחאיס קבר, ווען די צוויי קופערנע כלים, וועלכע געפינען זיך אויפן ראַנד פון אוהל, אָנגעפילט מיט מלבושים, וואָס זענען אויסגעווייקט אין אָליוון־אייל, ווערן אָנגעצונדן אין דער נאַכט, וועט זיי קיין מאָל נישט פאַרגעסן!

פופציק טויזנט עולי־רגלניקעס זענען זיך דאָרט צוזאַמענ־געקומען בייצוווינען און אָנטייל צו נעמען אין דעם יום־טוב פון פאַנטאַזיע און מיראַזש.

און אין מאָמענט ווען די אויסגעווייקטע אין אייל בגדים ווערן אונטערגעצונדן און ס׳צעפלאַקערן זיך שריפות אויפן צפתער הימל, נעמט מען זיך אָן ביי די הענט און אין פלאַמיקסטן התל־הבות טאַנצט גרויס און קליין, יונג און אַלט! אַלץ טאַנצט און זינגט אַרום דעם פאַרהייליקטן קבר־פייער ביז מען פאַלט פון די פיס.

מען וואַרפט אַראָפּ פון זיך אַלץ, וואָס איז וואָכעדיק: אַלץ וואָס האָט נאָר צו טאָן מיט דעם וואָס איז אַלטעגלעך, און מיט אַ ברען, אין לשער, זינגט מען ביזן לעצטן כוח:

בר יוחאי, אשריך!
שמן טוב, שמן ששון
נמשחת מחבריך![3].

„האַלמקע בראַנד״ און „בר יוחאי״, „אַדין־באַרג״ און „יאַר־מאַק״; פייער־פלאַקערס אויפן פלעמישן האָריזאַנט און אָנגעצונ־דענער הימל אין צפת: התלהבותדיקע ריקודים דאָרט און עקס־טאַטישע טענץ דאָ.

דאָס אַלץ ווייזט אויף דער איינגעוואָרצלטקייט ביים מענטש פון אַלע וועלטעקן פון דעם אייביק ווירקנדיקן כוח, וואָס ס׳האָט

אויף אים אויסגעאיבט דאָס פייער, דער טאַנץ און דאָס געזונגענע וואָרט אין די פאַרשיידנסטע פאָרמען, אויף אַלערליי אויסדרוק־שטייגערס און אין משך פון אַלטע און נייע צייטן.

[1] די בראַנד פונעם פעסעלע (סמאָלע).

[2] ברענענדיקע כאַטע!
זיבן זעק (קערנער) אויף יעדן פערטל העקטאַר.

[3] בר יוחאי, אז וואויל איז דיר!
מיט גוטן אייל, מיטן אייל פון פרייד
ביסטו געזאַלבט געוואָרן דורך דיינע חברים!

ביבליאָגראַפיע:

„אונדזערע ימים־טובים״ פון יצחק אונטערמאַן.

קאַפּיטל דריי

# שעיר לעזאזל און קאַצן־יום־טוב

אין דער שטאָט איפּערן, וואָס ליגט ביים אייזער־טייך אין מערב־פלאַנדערן, איז מקדמונים איינגעפירט אַ פאָלקס־יום־טוב, וועלכער ווערט געפייערט יערלעך אין חודש פעברואַר. דאָס איז די פאָלקסטימלעכע פייערלעכקייט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער קאַצן־יום־טוב".

אין דעם טאָג מישפּט מען די קעץ און מען פירט זיי מיט פּאָמפּע אויפן הויפּטפּלאַץ פון דער שטאָט, ווו ס׳געפינט זיך דער הויכער גלאָקנטורעם, אויסצופירן דאָרט דעם ווערדיקט איבער די פאַרמישפּטע באַשעפענישן.

אַלץ וואָס קען נאָר האָבן אַ שייכות צו דער קאַצן־משפחה ווערט דאָ פאַרבילדלעכט דורך אויסגעצירטע וועגענער, סימבאָלישע גרופּעס און פיגורן.

גאָר פון פאָרנט קען מען זען אַ גרופּע וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די איינוווינערס פון דער מיצרישער שטאָט בובאַסטיס, וועלכע איז געווען אַ מאָל, בשעת עס האָבן דאָרט געהערשט די ערשטע פּרעהס, אַן אָרט ווו די קעץ זענען געוואָרן פאַרהייליקט. די דאָזיקע גרופּע טראָגט טאַקע מיט כבוד די קעץ, וועלכע וועלן שפּעטער זיין די קרבנות פון טאָג.

ס׳קומען דערנאָך די „צעלטן". דאָס זענען אירלענדער, וואָס ביי זיי אין לאַנד זאָל אַ שוואַרצע קאַץ אַ מאָל האָבן געגעבן

צייכנס, וועלכע האָבן פאַרויסגעזאָגט די צוקונפט. ס׳גייען דער־נאָך „גערמאַנען״, וואָס ביי זיי האָט די געטין פרעיאַ געפלעגט אַדורכרייטן דעם הימל אין אַ קרוינוואָגן, וועלכער איז געווען איינגעשפּאַנט אין אַ געשפּאַן פון קעץ.

נאָך זיי גייט אַ צאָלרייכע גרופּע, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון די שענסטע מיידלעך פון איפּערן, אויסגעצירט אין פאַנטאַס־טישער קליידונג. דאָס זענען די „מכשפות״ וועלכע האָבן, לויט דער טראַדיציע, פון שטענדיק אָן געהאַט עסקים מיט קעץ און ווען די דאָזיקע חיהלעך זענען אַלע מאָל געקומען צו הילף אין זייערע אונטערנעמונגען.

ביי דער געלעגנהייט ווערן אויך אינעם צוג געטראָגן פאַר־שיידענע מינים העלדן־קעץ פון ראָמאַנען און קינדער־מעשהלעך, ווי אַ שטייגער: די קאַץ טיבער פון ראָמאַן „רענאַרט״, „די באַ־שטיוולטע קאַץ״ פון פּערויל, די קאַץ פון דעם קינדערשפּיל „קאַטזשע״ אדג״ל.

ס׳ווערן אַדורכגעפירט אינעם צוג פיגורן, וועלכע דאַרפן פאַר־בילדלעכן פאַרשיידענע שפּריכווערטער, ווו די קאַץ שפּילט די הויפּטראָל, ווי למשל: „די קאַץ אויפן דאַך״ (אַן אָנצוהערעניש אויף אַ בעל־חוב, וואָס האָט נישט קיין מיטלען צו צאָלן זיינע חובות); „אַ פויגל פאַר דער קאַץ״ (דאָס מיינט אַ חולה מסוכן, ווען די דאָקטוירים האָבן שוין אָפּגעזאָגט דאָס לעבן); „די קאַץ שטעקט אין זייגער״ (ווייזט אָן אויף קריגערייען צווישן מאַן און ווייב) אא״וו.

ס׳שליסט דעם פּאַראַדצוג דער קעניגלעך אויסגעקליידטער „באָדוענג דער דריטער״, פירשט פון פלאַנדערן, וועלכער זאָל אין 8טן יאָרהונדערט זיין געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאַר־אָרדנט אַראָפּצוואַרפן קעץ פון אַ הויכן באַרג אין דער נאָענט פון זיין שלאָס אין פירשטנטום פון איפּערן.

אָנגעקומען צום גלאָקן־טורעם, שטעלן זיך אַוועק האַרט פאַרן אַריינגאַנג „באַדוענג דער דריטער" מיט זיינע עצה־געבערס. ס'ווערט אָפּגעהאַלטן דער מישפּט איבער די קעץ און ס'ווערט אַרויסגעטראָגן אויף זיי דער אומענדערלעכער אורטייל.

אָבער פאַרן מישפּט לאָזן זיך אַלע אַוועק אין אַ טאַנץ אַרום דעם „טייוול־לץ", וועלכער וועט שפּעטער אַדורכפירן די עקזע־קוציע און אַרונטערוואַרפן די „פאַרמישפּטע" פון טורעם אויף די קעפּ פון פאַרזאַמלטן המון.

*

כדי צו געפינען דעם אָפּשטאַם פון דאָזיקן פאָלקס־יום־טוב מוז מען זיך אומקערן צו די גאָר אַלטע צייטן. פּינקטלעך ווען דער דאָזיקער מינהג איז געוואָרן איינגעפירט אין דער שטאָט איפּערן, איז נישט באַקאַנט. אָבער מען ווייסט, אַז שוין פאַר הונדערטער יאָרן צוריק האָבן די אָרטיקע איינוווינערס געפלעגט זאַמלען אַ גרעסערע צאָל קעץ אויף אַ באַשטימטן טאָג אין יאָר. מען פלעגט זיי אין יענעם טאָג אַראָפּוואַרפן לעבעדיקערהייט פון אַ באַרג, כדי מכפּר צו זיין אויף די זינד פון די מענטשן, וועלכע זענען געווען פאַרזאַמלט אַרום דעם באַרג.

ווי מען נעמט אָן, שטאַמט דער דאָזיקער מינהג נאָך פון די געצנדינערישע צייטן. פון דער מיטאָלאָגיע איז באַקאַנט, אַז ביי די סקאַנדינאַווישע פעלקער איז פ ר ע י אַ געווען פאַרהייליקט פאַר דער געטין פון ליבע און זינלעכקייט. זי האָט, לויט זייערע גלויבונגען, געפלעגט, ווי אויבן געזאָגט, אַדורכקרייזן דעם הימל אין אַ פראַכטוואָגן, וווּ עס זענען געווען איינגעשפּאַנט וווּנדער־קעץ, וועלכע פלעגן זיך באַוועגן מיט דער געשווינדקייט פונעם בליץ. דערפון דרינגט מען, אַז אויך ביי דער באַפעלקערונג פון דער געגנט זענען די דאָזיקע חיות געוואָרן פאַרהייליקט ווי די

געטרייע דינעריגס פון דער ליבע־געטין, און דער חודש פעב־רואַר איז געוואָרן באַשטימט זיי צו פאַרהייליקן.

נאָך דער עוואַנגעליזירונג פון דער געגנט, ווען די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט אַוועקגעוואָרפן די היידנישע גלויבונגען, האָט דער מינהג אָנגענומען אַן אַנדער כאַראַקטער און אַנשטאָט צו זיין אַ פאַרהייליקונג פון דער געטין פרעיאַ מיט אירע דינערינס זע־נען די קעץ געוואָרן באַשטימט צו זיין דער קרבן פון פאַרזאַמלטן המון, ווען ס׳ווערט דורך זייער טויט פאַרגעבן די אייגענע זינד.

די לעצטע צערעמאָניע פון אַראָפּוואַרפן לעבעדיקע קעץ פון אַ באַרג, דערציילט דער שטאָטישער אַרכיוויסט לאַמבענג, איז פאָרגעקומען אין יאָר 1817. דעמלט, שרייבט ער, האָט אויס־געפירט דעם אַקט אַ מאַן, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מיץ מיט קאָלירטע בענדער. ער האָט געוואָרפן די חיהלעך, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין דער קרבן פאַרן פאַרזאַמלטן עולם, און ס׳האָט טייל מאָל געטראָפן, אַז אַ קאַץ האָט אַראָפּפאַלנדיק זיך נישט גע־טאָן קיין בייז, נאָר געבליבן שטיין אויף די פיס און געמאַכט אַ ויברח, נישט האָבנדיק קיין חשק ווידער צו ווערן באַנוצט אויף אַזאַ מין צערעמאָניע.

נאָך 1817 איז דער יום־טוב געוואָרן הומאַניזירט. ער ווערט געטריי אַדורכגעפירט ביים שטאָטישן גלאָקן־טורעם, אָבער מען באַנוצט זיך דערביי מיט קעץ, וועלכע זענען אויסגעאַרבעט פון פּלוש און פון סאַמעט, און דער מינהג ווערט גאָרנישט אָן פון זיין פּאָמפּע און ערנסטער אויפגעלעבטקייט.

נאָך דער צערעמאָניע לאָזט זיך דער עולם ווילגיין. מען פאַרברענגט גרופּעסווייז אין די טאַנצזאַלן און אַנדערע פאַרוויי־לונגס־ערטער, ווו מען וועט הוליען ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען מען וועט אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ, ביי דער אַלגעמיינער

פרייד, פאַרברענען די אָראָפּגעשליידערטע קעץ אויף אַ פאַרגעבונג פאַרן פאָלק.

גלייכעניש פון איינגעפירטע מינהגים, ווו ס'ווערט אָנגעווענדט דער פּרינציפּ פון „נפש תחת נפש", ווו דער טויט פון אַ לעבעדיק באַשעפעניש לייזט אויס דעם מענטש פון זיינע זינד, געפינען מיר גענוג אין דער יידישער מסורה און שטייגערלעבן. מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דריי פון דעם מין. דאָס זענען: עגלה ערופה, כפרות־שלאָגן און שעיר לעזאזל.

גייענדיק אונטערוועגס האָט עמעצער אָנגעטראָפן אויף אַ הרוג, דערזען ליגן אַ געהרגעטן אין פעלד, און מען האָט נישט געוווּסט ווער ס'האָט אים אומגעבראַכט. דעם מענטש אַליין האָט מען אויסגעפאָרשט און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז אויסער יעדן חשד. אָבער עפּעס האָט מען דאָך געמוזט טאָן, כדי מכפר צו זיין אויף דער געוואַלדטאַט, ווייל סתם הפקר האָט נישט געקענט זיין.

האָט מען אויסגעמאָסטן דעם מרחק פון דעם אָרט ביז צו די אַרומיקע יישובים, און די שטאָטעלטסטע פון נאָענטסטן יישוב האָבן געדאַרפט ברענגען צו פירן אַ יונגע קו, וואָס מען האָט זי נאָך נישט געהאַט באַנוצט צו קיין שום אַרבעט, און נאָך דעם ווי די כוהנים האָבן איר איבערגעשניטן דעם נאַקן האָבן די עלטסטע פון דער שטאָט געוואַשן זייערע הענט זאָגנדיק דערביי: „אונדזערע הענט האָבן נישט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט". דער פאַרזאַמלטער עולם האָט דאָס אָנגענומען ווי אַ זיכערע זאַך און האָט נאָכגעזאָגט: אמן! און דאָס בלוט פונעם הרוג איז זיי פאַרגעבן געוואָרן.

און ווער פון אונדז געדענקט נישט די נאַכט פאַר ערב יום־כיפּור, ווען דער האָן (אָדער די הון) האָט געדאַרפט נעמען אויף זיך אַלע עבירות פון אַ מענטש און ווערן זיין אָפּלייזער?

ווער פון אונדז האָט דען נישט פון זיינע פריסטע קינדער־יאָרן אָן געזאָגט מיט אַן אינערלעכן ציטער דעם „זה חליפתי" האַל־טנדיק די כפרה אין דער רעכטער האַנט און אַרומדרייענדיק זי אַרום זיין קאָפּ נאָכן אָפּזאָגן דעם „בני אדם", צוגעבנדיק צום סוף: „מצאתי כופר"?

די קילע תשרי־נאַכט, פול מיט סודות, איז געגאַנגען צו איר סוף. פלעמלעך האָבן אַרויסגעלויכטן דורך די שויבן פון יידישע שטובן, און פרויען מיט מיידלעך זענען נאָכגעגאַנגען דעם שוחט, האַלטנדיק געבונדענע עופות אין די הענט.

דאָס איז געווען אַ נישט־אָרגאַניזירטער פּאַראַדן־צוג, אָן אַ רעזשיסער און אָן אַ פאָרויס אויסגעאַרבעטן „פּראָגראַם". דער דאָזיקער קאָרטעזש האָט זיך פאָרמירט ספּאָנטאַניש, פון זיך אַליין, און ער האָט נאָכגעפאָלגט דעם שוחט ביז יענער האָט זיך אָפּגע־שטעלט ערגעץ ביי אַ יידישער שטוב דאָרט אויסצופילן זיין פונק־ציע. גלייך צו אַן אַמאָליקן כוהן, פלעגט ער דאָרט שעכטן די אַלע כפרות, וואָס מען האָט אים אונטערגעטראָגן, ווייל לויטן מינהג האָבן די עופות געדאַרפט געשאָכטן ווערן באַלד נאָכן כפרות־שלאָגן.

אונדזערע מאַמעס האָבן דערנאָך געזאָגט אַ ספּעציעל תחינה, וואָס איז באַשטאַנען פון זיבן תפילות, וועלכע זענען געווען אין פאָלגנדיקן נוסח:

„פאַרגיב מיר, מיין פאָטער, ווען איך האָב געטאָן אַזוי איין עבירה, וואָס איך בין דערויף חייב מיתה פון סקילה. און עס זאָל גערעכינט זיין דאָס וואָס איך האָב מיין כפרה צו דער ערד גע־וואָרפין, גלייך ווי מען האָט מיך אַראָפּגעוואָרפין פון דעם בית־הסקילה און בין פאַרשטיינט געוואָרן דורך דיין בית־דין גדול, וואָס איז געווען אין ירושלים".

ווייטער קומען די אַנדערע מיתות בית־דין און אויך כרת,

וואָס די כשרה יידישע טעכטער זענען נישט געווען זיכער, אַז זיי זאָלן די שטראָפן נישט האָבן פאַרדינט אין פאַרלויף פון פאַר־גאַנגענעם יאָר.

*

אָבער דער עיקר קומט דאָ אויפן געדאַנק די פייערלעכ־קייט, וועלכע איז פאַרצייטנס געווען איינגעפירט ביי יידן נאָך איידער זיי זענען אַריינגעקומען אין צוגעזאָגטן לאַנד.

פון חומש ווערן מיר געוווירר, אַז אין צענטן טאָג פון זיבעטן חודש האָט אהרון הכהן געוואָרפן גורל איבער צוויי ציגנבעק, און דער באָק, וואָס אויף אים איז געפאַלן דער גורל צו זיין באַשטימט פאַרן באַרג עזאָזל, איז געוואָרן אַוועקגעשיקט אין דער וויסטעניש, כדי דאָרט צו זיין דער קרבן פאַר די זינד פון גאַנצן פאָלק.

דאָס פאָלק האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם אוהל מועד און בייגעוווינט די פייערלעכע צערעמאָניע, בשעת וועלכער אהרון הכהן האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויפן באָק און האָט זיך מתוודה געווען אויף די זינד פון די בני־ישראל, אָנלאָדנדיק זייע־רע זינד אויפן קאָפּ פונעם ציגנבאָק.

דער שעיר לעזאזל האָט פון איצט אָן געטראָגן אויף זיך די זינד פון דער גאַנצער עדה. און ווען די צערעמאָניע איז געווען געענדיקט, האָט דער המון זיך גערירט פון אָרט. אַ ספּע־ציעלער שליח האָט געפירט דעם באָק אין דעם מידבר אַריין. דאָס גאַנצע פאָלק האָט געצויגן נאָכן שליח מיטן ציגנבאָק ביז זיי זענען אַלע צוגעקומען צום שפּיץ פון פעלדזיקן באַרג, פון וואַנען דער באָק איז געוואָרן אַראָפּגעשליידערט אין תהום, צו־זאַמען מיט דער זינד מיט וועלכער ער איז געווען באַלאָדן, און ער איז געווען דער אָפּלייזער פאַר די בני־ישראל.

די דאָזיקע פייערלעכקייט, פון וועלכער דער שעיר לעזאזל איז

געוואָרן אַ סימבאָל לדורות, האָט, מיינען מיר, אַ גאָר נאָענטע שייכות צום איפּערישן קאַצן־יום־טוב, וועלכער האָט זיך, ווי אויבן געזאָגט, איינגעבירגערט אין מערב פלאַנדערן פון זינט צו־ריקגעשטאַנענע צייטן ביזן היינטיקן טאָג.

ביבליאָגראַפיע:

„לע סואַר" פון פּ. דאַוויד:
דברים כא, 1—9;
ויקרא טז, 7—10.

קאַפּיטל פיר

# פּורים־שפּילערס און הידאַלגאָס

די וואַלאַנישע שטאָט בענש האָט זיך זינט הונדערטער יאָרן אידענטיפיצירט מיט איר קאַרנאַוואַל און ס׳איז גאַרנישט פאַר־האַנדן, אַז מ׳זאָל אַרויסזאָגן דעם נאָמען פון דער שטאָט און נישט טראַכטן דערביי וועגן דעם פאָלקס־יום־טוב, מיט וועלכן די באַ־פעלקערונג איז ענג פאַרבונדן זינט לאַנגע צייטן.

איבער דריי טעג האַלט אָן דער יום־טוב, אין וועלכן ס׳באַ־טייליקט זיך גרויס און קליין, אָרעם און רייך. אַלע איינוווינערס אָטעמען הייס מיט די גרויסע טעג, צו וועלכע מען גרייט זיך אַ גאַנץ יאָר, הגם נישט יעדער האָט די זכיה זיך אַליין צו באַטיי־ליקן אין דער קאַוואַלקאַדע, ד״ה פיגורירן אין דעם פּאַראַדנעם צוג, וועלכער גראַסירט אין די גאַסן אינעם טאָג פון „פעטן דינסטיק״.

קודם־כל דאַרף מען צו דעם זיין אַ געבוירענער אין בענש; מען מוז קענען אויסטאַנצן דעם טראַדיציאָנעלן טאַנץ פון די „זשילעס״ מיט די מינדסטע פּרטים און קנייטשן וואָס, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען, איז נישט פון די לייכטע זאַכן. חוץ דעם איז אַזאַ זאַך פאַרבונדן מיט ערנסטע הוצאות, וואָס נישט יעדער קען זיך דאָס דערלויבן. בעלי־מלאכות און קליינהענדלערס ליי־גן אַוועק יאָרן לאַנג אַ פראַנק אויף אַ פראַנק, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט כאָטש איין מאָל אין לעבן צו פאַרווירקלעכן דעם חלום פון זיין אַ „זשיל״. אַ גאַנץ לעבן וועט מען דאָס שפּע־

טער דערמאָנען ביי יעדער געלעגנהייט און זיך ייחוסן מיט דער דאָזיקער געשעעניש.

בענש איז נישט פון די גרויסע שטעט אין בעלגיע. זי פאַר־מאָגט קוים אַן ערך פופצן טויזנט איינוווינערס, פון וועלכע אַ גרויסע צאָל פאַרנעמט זיך מיט דער מלאכה פון שניידעריי. אָבער די שטאָט האָט אַ רייכע היסטאָריע, פאַרבונדן מיט באַ־רימטע מלחמות און שלאַכטן, דורך וועלכע זי איז אַ סך מאָל חרוב געוואָרן און שפּעטער אויפגעשטאַנען תחיית המתים.

אין 16טן י״ה איז דאָ געשטאַנען דער פּאַלאַץ פון דער הערשערין מאַרי פון אונגאַרן. זי איז געווען אַ שוועסטער פון שפּאַנישן קייסער קאַרל דעם 5טן, באַקאַנט אין דער היסטאָריע מיטן נאָמען שאַרל קינט, וועלכער האָט, אַ דאַנק די מלחמות וואָס ער האָט געפירט זיין גאַנץ לעבן, פאַרנומען אַ סך לענדער, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך אויך געפונען דאָס היינטיקע בעלגיע.

פונדעסטוועגן איז די שטאָט נישט באַרימט געוואָרן אין דער וועלט מיט אירע היסטאָרישע געשעענישן, נאָר אַ דאַנק איר קאַר־נאַוואַל, וועלכער איז טאַקע איינציק אין זיין מין און איז דעריבער באַקאַנט סיי אין די נאָענטע און סיי אין די ווייטע לענדער.

דער דאָזיקער קאַרנאַוואַל איז אויפגעקומען אין 1549. אין יענעם יאָר איז קייסער קאַרל געקומען מיט אַ באַזוך צו זיין שוועסטער אין בענשער פּאַלאַץ. ס׳איז גראָד געווען נאָך דעם ווי זיינע חיילות האָבן איינגענומען דאָס לאַנד פּערו אין דרום־אַמעריקע. האָבן זיך די הויפלייט איבערגעטאָן אין די פאַנטאַס־טישע קליידונגען פון די פּערואַנער אינקאַס, וועלכע האָבן זיך געפלעגט אויסצופוצן אין שטרויספּעדערן, און מיטן דאָזיקן פּאַראַד־נעם צוג האָבן די קורטיזאַנער געפייערט די שפּאַנישע עקספּאַנסיע פון יענער צייט.

די איבערגעקליידטע קורטיזאַנער האָט מען גערופן „זשילעס״,

וואָס לויט די דערקלערונגען פון מומחים האָט דאָס דעם באַ־דייט פון „הידאַלגאָס", אַ שפּאַנישער טיטל וואָס מען קען אים פאַרגלייכן מיטן ענגלישן „סער". דער דאָזיקער נאָמען איז גע־בליבן נישט פאַרענדערט ביזן היינטיקן טאָג.

דער הויכפּונקט פונעם קאַרנאַוואַל איז דער „פּעטער דינס־טיק", דער טאָג וואָס איז דער לעצטער פאַר די „מאָגערע טעג" ווען די קאַטוילישע קירך פאַרווערט צו עסן פלייש.

מחנות מענטשן זאַמלען זיך דעמאָלט אויף די הויפּטגאַסן צו זען אַדורכגיין דעם צוג פון די טויזנטער זשילעס אין זייער גאַנצער פּראַכט. אין דעם טאָג זעט מען זיי אין זייערע פאַנ־טאַסטישע קליידונגען, די גאַרטלען אויסגעהאָנגען מיט מעשענע גלעקלעך און אויף דער ברוסט אַ גלאָק פון אַ גרעסערן קאַלי־בער. דער זשיל טראָגט הילצערנע טרעפּעס, אויסגעמאָלענע מיט פאַרשיידענע קונסטמאָטיוון, זיין העל־ברוינער קאָסטיום איז אין גאַנצן באַמאָלן מיט נאַציאָנאַלע עמבלעמען, וועלכע זענען באַ־שיט מיט קליינע שטערנדלעך. פירפּאַכיק איבערגעלייגטע שטי־קערייען נעמען אַרום די קנעכלען פון די פיס און באַזיימען די טרעפּעס, ווייסע קונסטשפּיצן מיט פאַרצירטע בענדער ציען זיך אים אַראָפּ פון די אַקסלען ביז איבער דער ברוסט, און אויפן קאָפּ, איבערן פאַרגאָלדיקטן הוט, זענען קונציק פאַרפעסטיקט אין אַ רונד אַ גרעסערע צאָל הויכע שטרויספעדערן פון אַ ווייס־ראָזלעכער קאָליר. חוץ דעם האַלט ער אין דער האַנט אַ גע־פלאָכטן קייבערל אָנגעפילט מיט מאַראַנצן, וואָס ער וואַרפט צום עולם מיט אַ פאָטערלעכער ברייטקייט.

די זשילעס גייען נישט, נאָר זיי באַוועגן זיך טאַנצנדיק, און ווי אַרויסצוהייבן בולטער די פיבערדיקע באַוועגלעכקייט פונעם קערפּער, איז דאָס פּנים באַשמירט מיט אַ ווייס־ראָזלעכער פאַרב, וואָס נעמט אָן דעם אויסזען פון אַן אומבאַוועגלעכער מאַסקע.

אויף די אויגן טראָגט ער ברילן, וועלכע דאַרפֿן באַהאַלטן יעדן אויסדרוק פון זיינע בליקן. דאָס אַלץ שאַפט דעם שאַרפן קאָנ־טראַסט צווישן דער פּאַסיווקייט פון פּנים און דער רירעוודיקייט פון זיין קערפּער.

ווייל דער קערפּער פונעם זשיל טאָר אויף קיין רגע נישט רוען. ער שפּרינגט, דרייט זיך אין אַלע זייטן, ציטערט, וויב־רירט, האָפּסלט און טרייסלט זיך. און טאַנצנדיק אויף דעם שטיי־גער, יעדער ווי אָפּגעזונדערט פאַר זיך אַליין, פירט דער זשיל אויס דעם קאָלעקטיוון טאַנץ פון דער גרופּע צו וועלכער ער געהערט, ווייל זיי טאַנצן גרופּעסווייז, וועדנדיק באַגלייט פון זייער גרופּן־אָרקעסטער. און דאָס וווּנדערלעכע איז, וואָס טאַנ־צנדיק אַזוי יעדער פאַר זיך און יעדער מיט זיין קליינער גרו־פּע, פירן זיי אויס, אַלע יחידים און אַלע גרופּעס צוזאַמען, דעם אַלגעמיינעם פאַנטאַסטישן טאַנץ פון דער קאַוואַלקאַדע.

אין די אימפּעטיקע ריטמען פון די אָנצאָליקע אָרקעס־טערס קלינגט אָפּ דאָס האַרמאָנישע קלאַפּן פון די האָלצשיך אָן שטיינערנעם ברוק, אויסגעמישט מיט די התלהבותדיקע אויס־רופן פון די המונים, וואָס זאַמלען זיך אויף די טראָטואַרן, וואָס פילן אויס די באַלקאָנען און די באַצירטע פענצטערס, און אויך די מענטשן וואָס האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די טעלעגראַפן־סלופּעס און אויף די דעכער.

דאָס אַלץ צוזאַמען פאַרשיכורט ממש די לופט. ס׳איז ווי אַ פּסיכאָז, ווי אַ ריטואַל, אַן אַלטע ירושה פון דורות, אַן איבער־בלייבעניש פון די עקסטאַטישע טענץ לכבוד דעם זונען־אָפּגאָט פון די אַמאָליקע אינקאַס, אַ זכר פון די ווייטע, געצנדינערישע צייטן.

ישעיה זאַנדבערג

## דער קאַרנאַוואַל ביי די אייראָפּעישע פעלקער

ווי מיר האָבן דאָס אויבן געזען ביי די פאָלקס־מינהגים פון „טאָנעקענבראַנד" אין געעאַאַרדסבערגען און „קאַצן־יום־טוב" אין איפּערן, שטייען מיר דאָ פאַר אַ פאָלקס־יום־טוב וואָס שטאַמט פון די געצנדינערישע צייטן.

די פויפּסטן האָבן אין אָנהייב זיך געמיט אָפּצושאַפן אין גאַנצן די קאַרנאַוואַלן און אין זייערע ענציקליקעס אָנגעוויזן דערויף, אַז קאַרנאַוואַלן שטאַמען לעולם פון די אַלט־גריכישע וואַקכאַנאַליעס, וואָס מען האָט געפּלעגט פּראַווען לכבוד באַקכוסן, דעם גאָט פון שיכרות און ווילטאַג. די קירכן־פּאָטערס האָבן זיך אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ פאַרביטערטן ווידערשטאַנד מצד די פעלקער, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט צונעמען די איינגע־פירטע הוליאַנקעס, וואָס אין זייער צעלאָזנקייט האָבן זיי זיך אַזוי גוט אויסגעלעבט.

האָט די קירך, באין ברירה, אַדאָפּטירט די דאָזיקע פאַרוויי־לונגען, זיי איבערגענומען אויף איר חשבון, צוגעבנדיק זיי אַ קריסטלעכן כאַראַקטער.

מיר האָבן אין אָנהייב פון דאָזיקן קאַפּיטל אָנגעוויזן דערויף, אַז דער הויכפּונקט פון בענשער קאַרנאַוואַל, וועלכער איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר אַלע אַנדערע, איז דער טאָג פון „פעטן דינס־טיק", וואָס נאָך אים קומט באַלד דער „אַשן־מיטוואָך", מיט וועלכן ס'הייבן זיך אָן, לויט דער קריסטלעכער טראַדיציע, די „מאָגערע טעג", ווען ס'איז פאַרווערט צו עסן פלייש און וועלכע ווערן אָנהאַלטן ביזן קריסטלעכן פּסח. דער קאַרנאַוואַל מיטן „פעטן דינסטיק" בראש איז, בכן, געוואָרן אַ פון פאַרויס באַשטימטער שכר פאַרן אָפּקומען די 46 טעג, וואָס טיילן אָפּ דעם הויכפּונקט פון די הוליאַנקעס פון קריסטלעכן פּסח.

חוץ דעם, כדי ווי גיכער צו באַפרייען זיך פון דעם איינגעפירטן פאָלקס־יום־טוב, האָט מען אים פאַרבילדלעכט מיט אַ הילצערנער פיגור, וועלכער מען האָט טאַקע געגעבן דעם נאָמען „קאַרנאַוואַל", אים צוגעבנדיק אַ לעכערלעכן און שפּאַטישן אויסזען.

דעם דאָזיקן הילצערנעם גולם, וועלכער האָט געדאַרפט סימ־באָליזירן די הפקרדיקע פאַרווײַלונגען, וואָס זענען אָנגעגאַנגען ביזן „פעטן דינסטיק", האָט מען געפּלעגט פאַרברענען אין טאָג פון „אַשן־מיטוואָך", ווען די אויסגעלאַסענע קאַרנאַוואַל־טעג זע־נען געווען פאַרענדיקט און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די מאָגערע תשובה־טעג.

יידן האָבן אין מיטל־עלטער און אויך שפּעטער אַ סך געליטן פון די קאַרנאַוואַלן. די הפקירות פון די המונים האָט זיך כמעט תמיד געפירט צו די אומבאַשיצטע געטאָס און יידן האָבן אומע־טום טייער באַצאָלט פאַר די דאָזיקע „לוסטיקע" שפּאַצירן.

## קאַרנאַוואַל ביי יידן

פונדעסטוועגן האָבן יידן געפייערט קאַרנאַוואַלן אויף זייער שטייגער. פאַראַן אַפילו קאַטוילישע שריפטן וואָס ווייזן אָן, אַז דער אייראָפּעישער קאַרנאַוואַל זאָל גאָר אַפּשטאַמען פון יידישן יום־טוב פורים. ווי די זאַך זאָל נישט זיין, ווייסט מען, אַז די קאַרנאַוואַלן פאַלן כמעט שטענדיק אויס אַקעגן פורים־צייט, ווען יידן פאַרשטעלן זיך, טוען אָן מאַסקעס אויף די פּנימער און אָרגאַניזירן סצענישע שפּילן, בשעת וועלכע מען לעבט־אויף די געשיכטע פון מגילת אסתר און אַנדערע ביבלישע געשעענישן.

אין ישראל ווערט דער פורים־קאַרנאַוואַל געפייערט דורך מאַסנהאַפטיקע פאַראַדצוגן. יוגנטלעכע און דערוואַקסענע פאַר־

קליידן זיך אין ביבלישע פּערסאָנאַזשן, דער עיקר אין די העלדן פון מגילת אסתר, און זיי מאַרשירן איבער די באַלעבטע גאַסן פון די שטעט. אין תל־אביב פלעגט דער שטאַט־פּרעזידענט דיזענ־גאָף, צוזאַמען מיטן עלטסטן קאָלאָניסט אברהם שפּירא, רייטן אויף פערד אין שפּיץ פון דער קאַוואַלקאַדע, מיט מוזיק און טאַנצנדיקע גרופּעס. מען האָט המנען געפירט צו דער תליה און שפּעטער אים פאַרברענט אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ.

דער מינהג פון אויפהענגען המנען אויף דער תליה און אים שפּעטער פאַרברענען שטאַמט נאָך פון גאָר אַלטע צייטן.

ווי דער היסטאָריקער ד״ר יצחק שיפּער גיט איבער, האָט אין יאָר 408 קייסער טעאָדאָזיוס דער 2טער פון קליין־אַזיע געטאַדלט דעם דאָזיקן מינהג און זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן אים.

דער דאָזיקער אופן פון פייערן פּורים איז שפּעטער איבער־געגאַנגען קיין שפּאַניע, צפון־אַפריקע, איטאַליע, פראַנקרייך, דייטש־לאַנד און די סלאַווישע לענדער, גרייכנדיק ביז אינדיע.

באַזונדער אימפּאָזאַנט זענען די פייערונגען אין פּערסיע, אין לאַנד גופא, ווו די געשעענישן האָבן, לויט דער מסורה, פּאַסירט.

דער אַלטער קאַרנאַוואַל איז נאָך דאָ ביי יידן אַ לעבעדיקער פאַקט. מען פאַרשטעלט זיך אין קליידונגען פון שרייענדיקע קאָלירן און מען פאַרבט זיך די פּנימער אויף רויט, מען טאַנצט אין רעדלעך אַ מין הויראַטאַנץ, צוקלאַפּנדיק דערביי מיט טאַצן און מיט פּויקן. נאָכן לייענען די מגילה פאַרברענט מען די המן־פיגור אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ און אַלע פּאַטשן מיט די הענט שרייענדיק: המן הרשע! המן הרשע!

אין דער באַרימט געוואָרענער „מסכתא פורים״ פון קלו־נימוס בן־קלונימוס, געשריבן אין סטיל פון תלמוד בבלי און דערשינען אין 14טן י״ה, דערמאָנט דער מחבר, אַז פּורים־צייט, פלעגן יידן טאַנצן אַרום אַ שאַנדסלופּ, אויף וועלכן מען האָט

געהאַט אַוועקגעשטעלט אַ המן־פיגור. אונטער די קלאַנגען פון שופרות און טראָמפּייטן האָט מען דערנאָך דעם דאָזיקן הילצערנעם גולם פאַרברענט.

אין אַ דאָקומענט פון פּרזשעמישלער בישאָף, דאַטירט פון 1743 איז צו לייענען פאָלגנדיקע שורות: „די יידן פירן אויס זייער נקמה אויף אַזאַ אופן: זיי דינגען אַ קריסט, וועלכן זיי פירן אַרום איבער די גאַסן מיט אויסגעשרייען פון טריומף, מיט שפּאָטישע רייד און אויך מיט קלעפּ. פאַר דער סינאַגאָגע צינדן זיי אָן פייערן, פּויקן אויף פּייקלעך, טומלען און רעשן און שיסן אויס אויף וויוואַט אין די גאַסן".

נאָך דעם ווי די דערמאָנטע מינהגים זענען איינציקווייז פאַרשוווּנדן, זענען ביי יידן אויפגעקומען פאַרשיידענע פּורים־שפּילן, גרופּעס „פאַרשטעלטע" פלעגן אַרומגיין אין די באַלעבאַטישע הייזער און אויפפירן סקעטשן אויף דער טעמע פון מגילת אסתר און אַנדערע ביבלישע מאָטיוון.

ישיבה־בחורים, אַרבעטער־געזעלן און לערן־יינגלעך ביי יידישע בעלי־בתים פלעגן וואָכן לאַנג פאַר פּורים זיך גרייטן צו די אַרויסטרעטונגען מיט זייערע פּראָגראַמען און רעקוויזיטן, וועלכע זענען באַשטאַנען דער עיקר אין פּרויען־קליידונג, היט מיט גלאַנציקע דאַשיקעס, קאָפּעלעך און „פּאַקעלעכץ" פון וועלכן מען האָט אויסגעאַרבעט די לאַנגע בערד וואָס זענען נייטיק געווען צום שפּיל. אין אָוונט פון אסתר־תענית פלעגן אין די יידישע שטעטלעך גראַסירן אין די גאַסן צאָלרייכע אימפּראָוויזירטע טעאַטער־גרופּעס און ביים אָנטרעפן איינע די אַנדערע — קאָלעגיאַל זיך איבערגעגעבן ווי עס זעט היינט אויס אין די גבירישע הייזער, ווייל די פּורים־שפּילן זענען געווען פאַר די דאָזיקע מענטשן אַ קוואַל פון פּרנסה אויף אַ שטיקל צייט, פּונקט ווי די קריסטלעכע

קאַרנאַוואַלן האָבן געגעבן חיונה אַ צאָל מוזיקאַנטן, קונצן־מאַ־כערס, גאַסן־זינגערס און וואַנדערנדיקע קליינהענדלערס, וואָס מען האָט זיי גערופן צווישן עולם מיטן נאָמען „קאַמעלאָס" און „פּאַ־רענס".

ס'איז פאַראַן אַן אחשוורוש־שפּיל וואָס שטאַמט פון 1697 און וועלכער הייבט זיך אָן מיט דער פּראָזע פון אַ לויפער, וואָס קומט אַריין אין אַ הויז און זאָגט אָן אַז די שפּילערס קומען, מיט די פאָלגנדיקע געגראַמטע פערזן:

„דרום אויך רוימט אויף, רוימט אויף,
און שמייסט די שטוב צום פענסטער אַרויף,
דעם טיש אויף די בענק,
די ביכער אויף די שענק."

נאָך דעם ווי די שטוב איז צוגעגרייט רופט ער אַריין די פּורים־שפּילערס וואָס וואַרטן ביי דער טיר. אָבער פריער רופט ער נאָך אויס מיט אַ פייערלעך קול:

„מיינע ליבע לייטע,
זייט געדולד, זייט געדולד איינע קורצע צייט.
יידן און קריסטן אין די זייטע,
די געשיכטע פון אסתר אויסצוהערן".

און ווען דאָס שפּיל איז געענדיקט זינגען אַלע אין כאָר:

„יעצינד באַלעבאָס,
גיט אונדז אונדזער שכר,
וועט אייך גאָט געבן
אַלדעס גוטס דערפאַר".

עס זענען אויך פאַראַן פורים־שפּילן אין העברעיש. דער עלטסטער טעקסט פון דעם מין שטאַמט פון 12טן י״ה. דאָס איז: „מעריב פורים״ פון מנחם בן־אהרון.

ביבליאָגראַפיע:

„אונדזערע ימים טובים״ פון ד״ר יצחק אונטערמאַן,
„דער יום־טוב פורים״ פון ד״ר יצחק שיפּער און ד״ר יעקב ראָטה,
„געדאַנקען צום יום־טוב פורים״ פון פּראָפ׳ שמואל אייזנשטאַדט.
"Folklore Belge" par Albert Marinus

קאַפּיטל פינף

# חתנים און כלות

אַ פאָלקס־יום־טוב וועלכער קומט פאָר אין אַ וואָלאָני־ש שטעטל אין בעלגיע דערמאָנט אָן אַן אַלטן יידישן מינהג, וואָס איז געווען איינגעפירט אין ארץ־ישראל נאָך אין די צייטן פון פאַרן ערשטן בית־המיקדש.

מיר מיינען דאָ דעם יוגנט־יום־טוב, וועלכער ווערט געפייערט יעדעס יאָר דעם צווייטן טאָג פון שבועות (פּאַנטעקאָט), אין עקאָסין.

דאָס שטעטל ליגט ביים טייך סענעט, וועלכער שלענגלט זיך ערטערווייז אַדורך די גאַסן. די הייזער זענען ווי פון אַ קאַפּריזנער האַנט צעוואָרפן איבער באַרג און טאָל, און דאָס גיט צו עפּעס אַ באַזונדערן חן דעם שטעטל, וואָס ציט זיך לאַנג און שמאָל פון איין עק ביזן אַנדערן.

ווייט אַרום געפינען זיך שטיינגראָבנס, פון וועלכע דער רוב איינוווינערס ציט זיין חיונה. דאָס זענען אַרבעטער־משפחות וואָס לעבן ווי אין אַ זייט פון רוישנדיקן לעבן פון דער גרויסער שטאָט, אָן טומל און גערודער און אָן באַזונדערע עמאָציעס.

ווי די אַנאַלן דערציילן האָבן זיך מיט יאָרן צוריק די אָרטיקע מיידלעך אַרומגעזען, אַז עס האָבן זיך דאָרט אָנגעקליבן אין אַ גרויסער צאָל מיידלעך פון אַריבער צוואָנציק יאָר, וואָס האָבן נישט קיין חתנים און ס'איז אַ סכנה זיי זאָלן, חלילה, נישט פאַרזיצן.

איינזעענדיק אַז אויף די היימישע בחורים קען מען זיך נישט פאַרלאָזן, האָבן זיי אָפּגעהאַלטן צווישן זיך אַ באַראַטונג און, האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט, אָנגענומען אַ באַשלוס איינצופירן אַן אייגענעם פרילינג־יום־טוב, אויף וועלכן ס׳זאָלן ווערן פאַרבעטן יונגע לייט פון דער אַרומיקער געגנט; מען זאָל דעם טאָג פאַרברענגען אין פאַרווײלונגען, מאַכן קענטשאַפטן, זיך געפעלן און אַזוי קומען צו אַ תכלית.

נאָך דעם ווי די שטאָט־אויטאָריטעטן האָבן אויף דעם מסכים געווען איז דער פּראָיעקט געוואָרן אויסגעפירט, און פון דעמאָלט אָן איז געוואָרן אַ טראַדיציע צו פייערן שבועות־צייט דעם דאָזיקן יום־טוב, וועלכער האָט באַקומען דעם נאָמען: „חתונה־מאַלצייט״.

ביי דער געלעגנהייט דערשיינט דאָרט אַ מין אַלמאַנאַך. דאָס איז אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע, וואָס זעט די ליכט פון טאָג בלויז איין מאָל אין יאָר, אונטערן נאָמען „דער שמייכל״.

מיר לייענען דאָרט, צווישן אַנדערן, פּערזן, וואָס אין אַ פרייער איבערזעצונג אויף יידיש וועלן זיי אויסקומען אַזוי:

זייט באַגריסט, איר יונגע לייט!
אויף די ברעגעס פון טייך סענעט
וואַקסט דאָס גליק און די פרייד.
אין פרילינג שטייט צום לעבן אויף די נאַטור
און גלייך מיט איר דער גאָט אַמור.
און ווען איר ווערט צום האַרץ זיך קערן,
וועט דאָס האַרץ צו אייך געהערן.

שוין אין די פאַרמיטאָג־שעהען זעט מען צוגעגרייט בחורים און אויך מיידלעך אַרומשפּאַצירן אין די אויסגעצירטע געסלעך ווו ס׳הענגען צאַלרייכע טראַנספּאַרענטן מיט אויפשריפטן, וועלכע שאַפן באַלד ביים אָנקום די געהעריקע אַטמאָספער. מיט אַן אויפגעלייגטער נייגעריקייט לייענט מען אַקעגנגייענדיק: „ווענן

ליבע רעדט מען מיט שטילע רייד״; „יאָגט אייך נישט נאָך צוויי העזלעך מיט איין מאָל״; „לוסטיק, לעבעדיק, לאָמיר חתונה האָבן:״ אא״וו.

צווישן יאָ און ניין מאַכט מען קענטשאַפט און מען לאָזט זיך גיין צוזאַמען צום ראַטהויז, ווו ס׳וואַרט שוין אויפן עולם דער „חתונה־קאָמיטעט״ מיט דער פּרעזידענטין בראש.

דער פֿאַראַדנער זאָל איז אָבער צו קליין אויפצונעמען מיט איין מאָל דעם גאַנצן עולם. בלייבן אַ סך דערווייל אין דרויסן. טייל האַלטן זיך ביי די הענט, כדי נישט צו פֿאַרלירן זיך אין געדראַנג. איינער, אַ סטודענט פֿון דער פֿרייער בריסעלער או־ניווערסיטעט, מיטן ברייטן דאַשעק פֿון קאַשקעט אַרויפגערוקט איבער דער גריווע האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ ביישטידל פֿון אַ פֿענצטער און גענומען רעציטירן אַ ליד פֿון עמיל ווערהאַערן:

זומערצייט, ווען די לאַנגע זונטיקן
האָבן זיך צעקלונגען אין די גלאָקנטורעמס,
האָסטו זיך צוגעהערט צו דיינע פֿאַרליבטע,
דו, מיידל, מיט די ברייטע שענקלען!

די וואָס האָבן זיך געפֿונען אינעווייניק פֿאַרלאָזן איצט מיט הילכיקע געלעכטערס דעם ראַטהויז, כדי צו מאַכן פּלאַץ פֿאַר די וואָס געפֿינען זיך אין דרויסן. אין אויפנאַמזאַל באַקומט יעדער אַ פֿאַרצעלייענע טאָס פֿאַר אַ צייכן פֿון אַנגעהעריקייט צום יום־טוב. ביים אויערל איז די טאָס פֿאַרזען מיט אַ קאָלירטן באַנד, מיט וועלכן זי דאַרף ווערן צוגעטשעפּעט צום לאַץ פֿון רעקל אָדער בלוזע, כדי צו דעמאָנסטרירן אַ גאַנצן טאָג די באַטייליקונג אין דעם טראַדיציאָנעלן „חתונה־מאָלצייט״.

דאָס זענען ספּעציעל צוגעגרייטע געפֿעסן, אויף וועלכע ס׳זע־נען אָפּגעדרוקט מיט בלויער שריפֿט לאָזונגען, וואָס דייטן אָן אויפֿן כאַראַקטער פֿונעם יום־טוב, ווי אַ שטייגער: „צום אָנדענק פֿון

עקאָסינער חתונה־מאָל״ אָדער: „כדי צו פילן דעם טעם פון גליק, האָב חתונה״ אדג״ל.

אין די נאָכמיטאָג־שעהען איז די גאַס פול מיט מענטשן, היי־מישע און געסט פון דער פרעמד. מען קען דאָ, צווישן די יוגנט־לעכע, אויך זען פּאָר־פעלקער, וועלכע האָבן, ווי מען דערציילט, מיט עטלעכע יאָר צוריק זיך באַקענט אין עקאָסין און חתונה געהאַט. זיי קומען דאָ אַהער „עולה רגל זיין״, כדי נאָך אַ מאָל איבערצולעבן די באַרוישנדיקע שעהען פון זייער ערשטער באַ־געגעניש.

אין אַן אויפגערוימטער שטימונג פאָרמירט זיך דער פּאַראַד־נער צוג. די הייזער זענען אויסגעהאָנגען מיט פענער און סתם באַצירונגען, און ביי די קלאַנגען פון גוט באַקאַנטע מאַרשן, אויס־געשפּילט פון אַלטמאָדישע מוזיק־אינסטרומענטן, רירט זיך דער צוג פון אָרט.

דער בגילופינדיקער עולם זשעסטיקולירט און וואַרפט מיט וויציקע אויסרופן צו די וואָס שטייען אויף די טראָטואַרן, ביז מען קומט צו צום באַצירטן פּלאַץ, וועלכער געפינט זיך אין צענטער פון דער שטאָט.

אויפן שטעטלשן הויפּטפּלאַץ, וואָס איז אַרומגענומען מיט גירלאַנדן פון בלומען און פיל־קאָליריקע בענדער, זענען אויס־געשטעלט לאַנגע טישן מיט בענק. די דעקאָרירטע טאַסן, וועלכע יעדער וועט שפּעטער נעמען מיט זיך אַהיים אויף אַן אָנדענק, ווערן איצט אַראָפּגענומען פון די לאַצן און אָנגעפילט מיט הייסער, שמע־קעדיקער קאַווע. מען זעצט זיך אויס פּאָרלעכווייז אַרום די טישן און נאָך דעם ווי די פּרעזידענטין פון חתונה־קאָמיטעט האָט גע־ענדיקט איר קורצן ספּיטש, וועלכער ווערט דאָ באַטראַכט ווי אַ מין קידוש, וואָס מען דאַרף אויסהערן אין דער שטיל, נעמט זיך ערשט דער עולם טרינקען פאַרן געזונט פון די שוואַרץ־

חנעוודיקע כלה־קאַנדידאַטקעס פון עקאָסין. ס׳ווערט דערלאַנגט פאַרבייסן מיט דער ברייטער האַנט פאַר אַלעמען. נישט אויס־שליסנדיק די עטלעכע באַיאָרטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט ווי על־פּי טעות.

דאָ און דאָרט טרינקט אַ פּאָרל פון דער זעלביקער טאַס. מען שושקעט זיך אויפן אויער, כאָטש די מיטזיצערס ביים טיש הערן יעדעס וואָרט. מען „גנבעט" אַ קוש, כאָטש מען ווייסט אַז אַלע זעען.

באַלד ווערן צערוקט די טישן. דער פּלאַץ ווערט פריי. פון דער זייט ווו ס׳געפינען זיך די אַקאַציע־ביימער, וואָס שיטן מיט ווייסע בליעכצן, רייסט זיך דורך די זון וואַרפנדיק ליכטפלעקן אויפן יונגוואַרג, וואָס זינגט און טאַנצט זאָרגלאָז, ווי ס׳וואָלט גאָר קיין מידקייט קיין מאָל אויף דער וועלט נישט געווען. ביז עס קומט דער טראַדיציאָנעלער פּאַראַנדאָל, וועלכער פאַרענדיקט די פאַזע פון טאַנץ.

צעפינקלטע אויגן, צעפלאַמטע פּנימער און דורשטיקע ליפּן. און ווען די זון זעצט זיך איבער די שפּיצן פון פּעאָדאַלן שלאָס, וואָס טראָגט דעם מיסטעריעזן נאָמען „דער שלאָס פון שגעון", און וועלכער ציט זיין ייחוס פון צוועלפטן י״ה, טרעפט מען שוין שפּאַ־צירן איזאָלירטע פּאָרלעך, אָנגעלענט איינער אויפן אַנדערן. ס׳ווילט זיך זיין ווייט פון טומל און גערודער. ס׳ווילט זיך זיין אַליין און אָפּגעזונדערט.

האָבן זיי ערשט נאָר וואָס זיך באַקענט? אָדער זענען זיי דאָ אַהערגעקומען פאַרליבטע שוין פון פריער, בלויז וועלנדיק איבער־לעבן אין דער אַטמאָספער פון היינטיקן יוגנט־יום־טוב די עקס־טאַטישע געפילן, וואָס נאָך זיי וועלן זיי בענקען אַ לעבן לאַנג?

ס׳פעלן דאָ נישט קיין סודותדיקע ווינקלען, וואָס יעדער וויל זיך מיט זיי באַקענען. ס׳איז די שעה ווען מען גייט זיך דורך,

שווייגנדיקע, איבער דער „בריק פון די זיפצן", פון וואַנען ס'פירט אַ סטעזשקע צום סודותדיקן שלאָס. ווער ס'שפּאַצירט אונטער „די זיסע אַרקאַדעס", וועלכע ציען זיך ביז צו „די טויערן פון דעם קעניגרייך פון ליבע". מען לאָזט זיך גיין צום „טונעל פון די פאַרליבטע", פון וואַנען ס'גייט אַ וועג גלייך צום „ערדישן גן־עדן". און ווער ס'האָט ליב ספּאָרט, קלעטערט אַרויף אויפן „פעלדז פון די שיינע יונגפרויען".

אין אָוונט זענען די גאַסן אילומינירט. ווידער טאַנצט מען אויפן פּלאַץ ביים שיין פון שטורקאַצן און קאָלירטע לעמפּלעך. דער עולם איז אַ סך קלענער ווי ביי טאָג. די וואָס האָבן דאָ נישט גע־פונען זייער זיווג און די אַנדערע, וואָס זענען בלויז אַהער געקומען צו פאַרברענגען פייערלעך דעם טאָג, זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אָדער צעפּאָרן. אָבער די וואָס זענען געבליבן — טאַנצן מיט ברען, צוזאַמען מיט דער אָרטיקער יוגנט. פאַר זיי הייבט זיך דער „חתונה־מאָלצייט" ערשט אָן...

## אין ירושלים פאַרצייטנס

נישט פון אייביק אָן איז יום־כּיפּור געווען ביי יידן אַ פאַרכ־טיקער טאָג פון הארבן מישפּט, אָפּגעגעבן אויפן שטרענגסטן חשבון־הנפש.

אַ מאָל, אין די גאָר אַלטע צייטן, איז יום־כּיפּור געווען אַ נאַטור־יום־טוב. ס'איז געווען אַ יום־טוב פון פרייד, אויף וועלכן עולי־רגלניקעס פון גאַנצן לאַנד האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין ירושלים, צו פייערן מיט שימחה דאָס אַראָפּנעמען דעם שניט פון די פעלדער, און אונטער די אַראָמאַטן פון פריש־אָנגעפאַלענעם טוי און פון די פעטקייטן פון דער ערד איז ביים פאָלק געוואַקסן די פייערלעכע שטימונג, דער ווילן צו אויפבלי און צו פרוכטיקייט אויף גאָטס ערד.

אין דעם טאָג האָבן זיך אין די וויינגערטענער פאַרזאַמלט די טעכטער פון ירושלים אָנגעטאָן אין ווייסן. אָרעם און רייך האָט געמוזט קומען אין אויסגעבאָרגטע קליידער, כדי די רייכע זאָלן נישט אויסנעמען מיט זייער אייגענער, געצירטער קליידונג און דורך דעם זיך אַרויסהייבן איבער די אָרעמע. אַלע כלה־מיידלעך זענען אַזוי־ערנאָך געווען גלייך, און די טאָכטער פון כוהן גדול איז געווען אויסגעגליכן מיט דער טאָכטער פון גרעסטן אביון.

בחורים זענען געקומען זיך אויסקלייבן כלות, און מיט טענץ און געזאַנג האָט מען פאַרבראַכט דעם טאָג, וועלכער האָט געדאַרפט ברענגען אַ גליקלעכע ענדערונג אין לעבן פון די יונגע מענטשן.

אין קילן שאָטן פון די כרמים, וועלכע זענען געווען אַ שוץ פאַר דער ברענעדיקער זון, האָבן די מיידלעך געזונגען אין כאָרן:

עפן בחור די אויגן גרויס
און זע די כלה, וואָס דו קלייבסט דיר אויס.

אַנדערע האָבן געזונגען:

וואָס טויג דיר, בחור, גאָלד און זילבער,
קלייבן זאָלסטו שיינקייט, ליבער.

נאָך אַנדערע האָבן געזונגען:

בלויז אויף ייחוס וואַרף דיין בליק,
ווייל נישט אין שיינקייט ליגט דאָס גליק.

און ווען די זון האָט זיך גענייגט צום פאַרגיין זענען אין ירושלים געווען טויזנטער נייע חתן־כלה. טויזנטער פאָרלעך מיט נייע האָפענונגען זענען אויפגעגאַנגען אין לאַנד. דערוואַרטונגען, וועלכע זענען געווען אַ גאַראַנטיע פאַרן קיום האומה.

*

ווידער געפינען מיר זיך פאַר דער אייגענער דערשיינונג. פעלקער, ווי ווייט זיי זאָלן נישט זיין אָפּגעטיילט צווישן זיך, סיי

אין צייט און סיי אין מרחק, זאָרגן זיי זיך גלייך פאַר זייער המשכ־דיקייט און זיי זוכן, יעדער אויף זיין אופן, אַ גלייכן ענטפער אויף זייערע פּראָבלעמען.

דער מינהג ביי יידן איז געווען איינגעפירט אין די אוראַלטע צייטן, און דער יום־טוב פון דעם „חתונה־מאַלצייט" אין עקאָסיך, אַ סך שפּעטער. איז דאָך אויף דער האַנט, אַז דאָס וואַלאַנישע שטעטל אין בעלגיע האָט זיך, מן־הסתם, אינספּירירט פון דעם אַלטן יידישן מינהג. וואָלט מען געקענט אויספירן, לויטן געדאַנק פון ד"ר ישראל צינבערג, אַז „די פּרוכטן פון פאָלקס־חכמה וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד, בייטן זייער לבוש און דינען פאַר אַ נייעם קוואַל צו ווייטערדיקער שעפערישקייט פאַר די פעלקער".

פונדעסטוועגן מיינען מיר, אַז מען קען דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז אין דער וואַלאַנישער פּראָווינץ איז מען געפאַלן אויף דער המצאה פון זיך אַליין, ס׳הייסט, פון אייגענער דערפינדערישקייט. ווייל די חכמה פון די פעלקער קען זיך אָפט אָנטרעפן אויף די זעלביקע וועגן.

— — — —

ביבליאָגראַפיע:

תענית, פרק ד׳
שלשלת הקבלה, דף י"א
„לע פאָלקלער בעלזש" פון אַלבערט מאַרינוס.

קאַפּיטל זעקס

# די חתונה פון גלית הפלישתי

אַ באַזונדער אינטערעסאַנטע דערשיינונג אין בעלגישן פאָלקלאָר איז דער פאַרשפּרייטער מינהג פון די „ריזן־פּאַראַדן".

עס האַנדלט זיך דאָ אין פיגורן פון אַ נישט־געוויינטלעכער גרייס, וועלכע ווערן בשעת פאָלקס־יום־טובים אַרומגעטראָגן מיט גרויס פּאָמפּע אין די שטעט און שטעטלעך פון לאַנד.

די ערשטע ריזן פון דעם מין האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד אין דער צווייטער העלפט פון 14טן י"ה. דער היסטאָריקער האַנאָן דע לוווע האָט אויפגענומען די דאַטע פון 1367 פאַר די ריזן פון דער שטאָט ניוועל. די היסטאָריקערס וואָטערס און סטראַבאַנטס האַלטן זיך מער ווייניקער ביי דער זעלביקער דאַטע.

די ריזן פלעגן לכתחילה ווערן אַרומגעטראָגן אין די רעליגיעזע פּראָצעסיעס און מען האָט זיי בדרך כלל צוגעשריבן דעם כאַראַקטער פון די אַלטע פּרימיטיווע פעלקער. שפּעטער האָט מען זיי דערווייטערט פון די רעליגיעזע צערעמאָניעס און אין 18טן י"ה האָט מען זיי פאַרברענט אויף די עפנטלעכע פּלעצער, ווייל די קירכלעכע אויטאָריטעטן האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס פאָלק זאָל די ריזן נישט באַטראַכטן פאַר אָפּגעטער.

אָבער דאָס פאָלק האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און האָט זיך פון זיינע ריזן נישט געוואָלט אָפּזאָגן. די קאָרפּאָראַציעס, גילדעס און אַנדערע חברות, וועלכע האָבן פריער, אין די פּראָצעסיעס, צוגע־

שטעלט דעם מענטשן־מאַטעריאַל און זיך געזאָרגט פאַר דער אַלגע־מיינער אויספירונג פון פּראָגראַם, האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די פּאַראַדן־צוגן מיט די ריזן אויף אייגענער האַנט, אָן די קירכלעכע אויטאָריטעטן. די דאָזיקע קאָרטעזשן, אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פון דער קירך, האָבן איצט אָנגענומען אַ וועלטלעכן כאַראַקטער און האָבן מער נישט געהאַט קיין שום שייכות צו די רעליגיעזע פּראָצעסיעס.

די ריזן האָבן באַקומען נעמען פון לאָקאַלע העלדן, באַרייכערט מיטן הומאָר און פאַנטאַזיע פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג און זיי האָבן מיט זייער אימפּאָזאַנטן אויסזען דערמאָנט אָן די לעגענדעס, מיט וועלכע ס׳איז געווען פאַרבונדן דער בראשית פון דער שטאָט אָדער געגנט און אַזויערנאָך סימבאָליזירט די לאָקאַליטעטן פון לאַנד.

די דאָזיקע ענדערונגען זענען פאָרגעקומען אין סוף 18טן י״ה, ווען דער פּירשט זשאָזעף דער 2טער האָט אָנגעהויבן צו מאָדער־ניזירן די אַלטע מינהגים אין לאַנד. פון דעמלט אָן האָבן די ריזן־פּאַראַדן באַקומען דעם נאָמען „אָמעגאַנגען״, ד״ה: אַרומקרייזנדיקע מאַרשרוטן.

דאָס פאָלק האָט ליב זיינע ריזן. זיי זענען ביי אים פאַר־רעכנט ווי אייגענע משפחה־לייט און קרובים. און ווען ס׳האָט באַלד נאָך דער 2טער וועלט־מלחמה געטראָפן, אַז דער ערשטער גייסטלעכער פון דער שטאָט פלאָבעק האָט אָפּגעשאַפט אין זיין פּאַראָ־כיע דעם ריז „סען קריסטאָף״, ווייל ער האָט אין דעם באַניצן זיך מיט דער פיגור געזען אַ פּראָפאַנאַציע פון דעם הייליקן קריסטאָף, האָט ער דערמיט ביי דער אָרטיקער באַפעלקערונג אַרויסגערופן אַזאַ שאַרפן פּראָטעסט, אַז ער האָט זיך געזען געצוווּנגען צום קומענדיקן יאָר צוריק אַריינצופירן דעם דאָזיקן ריז אין שטאָטישן אָמעגאַנג.

פאַרן פאָלקסמענטש, וועלכער גלייבט באמונה שלימה, אַז די ריזן פון זיין שטאָט האָבן טאַקע אַ מאָל עקסיסטירט, ווערן זיי

פאַררעכנט ווי די גרינדערס פונעם יישוב און ס׳הייסט ביי אים, אַז נאָר זיי האָבן אים אויפגעבויט. דער ריז האָט אין דער פאַנ־טאַזיע פון פאָלקסמענטש געדאַרפט פאַרשטעלן די פיזישע קראַפט. דעריבער, ווען מען האָט אין פאַרשיידענע אויסגראָבונגען געפונען ביינער פון אומגעהייערע חיות וואָס האָבן אַ מאָל עקסיסטירט, פלעגט דאָס פאָלק בדרך כלל אָננעמען, אַז דאָס זענען ביינער פון די פאַרצייטישע ריזן.

ווי מען שאַצט אָפּ, געפינען זיך איצט אין לאַנד איבער דריי הונדערט ריזן־פיגורן. זייער הלבשה, קאָלאָריט, בוי און האַלטונג איז אין איינקלאַנג מיט די טראַדיציעס, וואָס גייען אָן אין דער געגנט. דאָרט ווו מען האָט געשעפּט פון דער היסטאָריע, פאַר־וואַנדלען זיך די ריזן אין באַוועגלעכע מאָנומענטן, וועלכע דערמאָנען דעם אַמאָל. די מאָלערס און סקולפּטאָרן, וועלכע האָבן זיי אַרויס־גערופן צום לעבן, האָבן אַזויערנאָך פאַראייביקט די וויכטיקסטע געשעעענישן פונעם עבר און דערמיט אויך פאַרפיקסירט דעם לאָ־קאַלן פאָלקלאָר.

אַזוי, למשל, זעען מיר, אַז אין דער אַלט־ייחוסדיקער שטאָט טורנעע, ביי דער פראַנצייזישער גרענעץ, פאַרנעמט דער פרענקישער קריגסהעלד שילדעריק דעם אויבנאָן. דאָס איז אַ דערמאָנונג אָן דעם יאָר 481, ווען שילדעריק איז געוואָרן געקרוינט פאַר אַ קעניג אין טורנעע. ער טראָגט אַ שטאָלענעם העלם מיט צוויי שפּיצן. צוויי געפלאָכטענע צעפּ פאַלן אים אַראָפּ פון פאָרנט ביזן גאַרטל אַריין און אין דער לינקער האַנט האַלט ער אַ פּאַנצער־שילד, גרייט צו גיין אין קאַמף.

ס׳קומט, צווישן אַנדערע ריזן, די פיגור פון מאַרי דע לאַלענג, די העלדישע פרוי פון פרינץ ד׳עספּינויאַ, זי דערשיינט מיט אַ בלויזן קאָפּ אָן פאַרצירונג, אָנגעטאָן אין אַ פּאַנצער מיט אַ האַק אין דער האַנט און שווערד ביי דער זייט. דאָס איז אַן אָנדייט אויף דעם היס־

טאָרישן פאַקט, ווען זי האָט אַ מאָל, אין קריטישן מאָמענט, אַליין פאַרטיידיקט די שטאָט קעגן שונא, בשעת דער פרינץ איז געווען אונטערוועגנס.

ס׳וואָלט באַדאַרפט פאַרנעמען צו פיל אָרט אויסצורעכענען אַלע היסטאָרישע פערזענלעכקייטן, וועלכע פאַרנעמען אין די קאָרטעזשן זייערע פעסט אָנגעצייכנטע ערטער. לאָמיר נאָך, איידער מיר פאַרלאָזן דאָס קאַפּיטל, דערמאָנען די וואַלאָנישע שטאָט ברען־לע־קאָמט, ווו מיר זעען אויפן ערשטן אָרט די פירשטין אַליס פון נאַמור מיט איר מאַן באָדהיענג דעם 4טן, וועלכער האָט דער שטאָט געגעבן דעם נאָמען, וואָס זי טראָגט נאָך עד־היום (ברען־דער־פירשט).

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז די ביינער פון אומגעהייערע חיות וואָס מען האָט אויסגעגראָבן אין פריעדיקע צייטן האָט דאָס פאָלק אָנגענומען פאַר איבערבלייבענישן פון די פאַרצייטישע ריזן. אויף אַזאַ כאַראַקטעריסטישן פאַל וועלן מיר זיך דערלויבן דאָ אָפּצושטעלן.

אין דער שטאָט האַממע, אין מיזרח־פלאַנדערן, האָט מען מיט לאַנגע צייטן צוריק געפונען אין טייך דורמע אַ געביין פון אַ פאַר־צייטיש באַשעפעניש פון אַן אומגעהייערער גרייס, דאָס פאָלק האָט באַלד אָנגענומען נישט אַנדערש, נאָר אַז דאָס איז אַן איבער־בלייב פון זייער היימישן ריז.

אין יאָר 1931, ווען די שטאָט־באַלעבאַטים האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס צו שאַפן פאַר דער געגנט אַן אייגענעם ריז, האָבן זיי זיך דערמאָנט אָן די געפונענע ביינער און מען האָט אויפ־געשטעלט אַ ריז לזכר דעם געשעעניש און אים אַ נאָמען געגעבן פאָלידאָר, נאָך דעם יינגערן זון פון טראָיאַנישן קעניג פּריאַם, וועלכער איז נאָך זייענדיק אַ קינד אומגעקומען אין דער העלעניש־טראָיאַנישער מלחמה.

די דאָזיקע פיגור פירט מען אַדורך אין דער פּאַראַדע מיט אַ באַזונדערער פייערלעכקייט, און הינטער איר קומען צוויי קאָס־טיומירטע יונגע־לייט, וואָס טראָגן אויף די אַקסלען אַ מין טראָג־בעטל צוגעדעקט מיט אַ שוואַרץ טוך, אין וועלכן עס דאַרפן זיך געפינען די אויסגעגראָבענעביינער פון דאָזיקן ריז.

אַ וויכטיקן אָרט אין דער גרויסער ריזן־משפחה פאַרנעמען די פאַרשיידענע פאָלקסטיפּן פון די שטעט און שטעטלעך אין לאַנד. אַזוי, למשל, ווערן אין טירלעמאָנט אַרומגעפירט און באַגלייט מיט דער געהויבנסטער שטימונג פונעם עולם די דריי ריזן פון דער שטאָט: דער פויער יאַנעקען, זיין ווייב מיקען און זייער זינדעלע טיסקע. זייער פויערישע הלבשה מיט זייערע טיפּישע נעמען, די שרייענדיקע קאָלירן און די גוטמוטיקע צופרידנקייט וואָס ליגט זיי אויף די פּנימער, אַלץ זאָגט דאָ עדות, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ האָגעלענדישע פויערן־משפחה. ד"ה: מענטשן וועלכע פאַרנעמען זיך מיט קולטיווירן סעדער, וועלכע שפּרייטן זיך אויס אויף ווייטע שטחים אין דער דאָזיקער פּרוכטיקער געגנט, פון וואַנען אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג ציט זיין חיונה.

דאָס פאָלקסטימלעכע איז אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אינעם גייסט פון די אָמעגאַנגען, אַז אַפילו די פיגורן פון קאַנאָניזירטע הייליקע האָבן באַקומען אַ פאָלקסטימלעכן אויסזען און געוואָרן היימיש מיטן עולם. אַזוי, למשל, איז פון בריסעלער ריז, וועלכער דאַרף פאַרבילדלעכן דעם הייליקן מיכאל (סען מישעל), דעם פּאַטראָן פון דער הויפּטשטאָט, געוואָרן אין מויל פון פאָלק פּשוט: „מיכאָלקע" אָדער „מישעלקע"; די הייליקע גודול הייסט ביים פאָלק מיט איר נאָמען: „טאַנטע גידילע" און איז אָנגעקליידט אין אַ בגד ווו עס דאָמינירן די קאָלירן פון שרייענדיקן געל און בלוי. זי טראָגט אַ ווייס טיכל אַרומגעבונדן אַרום האַלדז און אַ פּאַרצייטישן הוט מיט פיר קאַנטן אויפן קאָפּ.

ס׳טרעפט אויך, אַז עס נעמט זיך צונויף אַ גרופּע שטאָט־סוחרים און זיי שטעלן אויף אַ שפּאָגל נייעם ריז, וועלכער דאַרף געבן אַ שטויס דעם עולם צו הוליען, פּרעסן און זויפן, כּדי אויסצוגעבן וואָס מער געלט און אַריינצוברענגען אַ שפּאָרן פּדיון.

אַ ריז פון דעם מין שטעלט געוויינטלעך פאַר עפּעס אַ שטעטלשן שיכּור צי אַ באַרימטן שלעגער פון דער אונטערוועלט. ער איז, פאַרשטייט זיך, אָנגעטאָן אין אַ קאָמישן הולך, כּדי דער עולם זאָל זיין אויפגעלייגט, אַ סך לאַכן און פאַרברענגען וואָס פרייַלעכער די צייט.

אַן אייגנאַרטיקן ריז פאַרמאָגט אַרלאָן, די גרענעצשטאָט צווישן בעלגיע און לוקסעמבורג. זיין נאָמען איז „היילעכסמאַן״, וואָס דאָס וועט אויסקומען אין יידיש: דער שדכן.

די דאָזיקע פיגור מיטן אויסזען פון אַ גוטמוטיקן לוקסעמבורגער פויער דערשיינט אין די גאַסן פון דער שטאָט אין טאָג פון גרויסן יריד, וועלכער קומט פאָר אָקעגן ניי־יאָר און וואָס טראָגט דעם ראָמאַנטישן נאָמען: דער יאָרמאַרק פון די פאַרליבטע.

דער „היילעכסמאַן״ איז אַרומגערינגלט מיט יונגע פּאָרלעך, וועלכע שטעלן זיך אָפּ פון צייט צו צייט, כּדי אויסצופירן זייערע פאָלקסטענץ אַרום דעם פאָטערלעכן ריז, וואָס אַ דאַנק אים האָבן זיי זיך אַ מאָל באַקענט און חתונה געהאַט.

אויף דעם „יאָרמאַרק פון די פאַרליבטע״ איז אויך איינגעפירט, אַז ביי טישלעך, אויסגעצירטע מיט בלומען פון קאָלירטע פּאַפּירענע בענדער, קויפן די בחורים צוקערלעך, קיכלעך און אַנדערע זיסע זאַכן פאַר די מיידלעך מיט וועלכע זיי ווילן זיך באַקענען. און אויב ס׳ווערן ניט תּמיד באַלד געשלאָסן קיין שידוכים, שמועסט מען זיך, לכל הפּחות, אָפּ זיך ווידער צו טרעפן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט...

די אַלטע שטאָט מעכעלען ביי אַנטווערפּן פאַרמאָגט אַ ריז, וואָס איז אייגנטלעך קיין ריז נישט, ווייל ער דערגרייכט בלויז די גרייס פון אַ נאָרמאַלן מענטש. ער טראָגט אַ באַסקיש מיצל אויפן קאָפּ און אַ האַלב־אויפגעשאַרצטע זיידענע מאַרינאַרקע. ער גייט אויך אָנגעטאָן אין קורצע, אַריסטאָקראַטישע הייזלעך מיט בענדלעך ביי דער זייט.

ער הייסט מיט זיין נאָמען: „אָפּסיניאָרקע״. פאַר וואָס? וועלן מיר באַלד זען.

די דאָזיקע פיגור ווערט אין פאַראַדן־צוג נישט געטראָגן, ווי די אַנדערע פיגורן, נאָר זי ליגט אויסגעלייגט אין אַ מין ברייטער קאָלדרע, וועלכע פיר קרעפטיקע פאַרשוינען האַלטן ביי די עקן. מאָמענטנווייז, אויף אַ צייכן פון דיריגענט, שטעלן זיי זיך אָפּ און נעמען וואַרפן די פיגור אין דער הייך שרייענדיק דערביי: „אָפּ! אָפּ, סיניאָרקע!״. דער טייטש דערפון איז: שפּרינג! שפּרינג, האַרעלע!

דער פאַרזאַמלטער עולם, וועלכער האָט נאָר געוואַרט אויף דעם מאָמענט, נעמט באַלד שרייען מיט אַלע כוחות: אָפּ! אָפּ, סיניאָרקע! אָפּ, אָפּ, סיניאָרקע!

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז די פריילעכקייט איז אין לשער.

פון וואַנען נעמט זיך דער דאָזיקער מינהג? און פאַר וואָס ווערט דער עולם אַזוי באַגייסטערט בשעתן שרייען דעם „אָפּ, סיניאָרקע!״?

מיט יאָרהונדערטער צוריק, אין די צייטן פון דוכס זשאַן, האָט אין דער שטאָט אַנטווערפּן געלעבט אַ דייטשער געווער־מאַכער מיטן נאָמען האַנס.

ער איז געווען אַ בייזער פאַרשוין און ער האָט געהאַט אַ טבע פאַר אַ ליאַדע וואָס צו שלאָגן זיין ווייב מכות רצח. די שכנים, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט פאַרטראָגן די געשרייען

פון דער אומגליקלעכער פרוי, זענען אַוועק זיך קלאָגן פאַר די שטאָטעלטסטע. אַזוי ווי לויטן געזעץ איז פאַר דער זאַך קיין שטראָף נישט געווען, איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן מיט דעם פאַרשוין אַזאַ מין קאַטאָוועסל, וואָס ער זאָל עס האָבן צו געדענקען.

בקיצור, פיר שטאַרקע מענטשן האָבן מיט זיך געבראַכט אַ ברייטע קאָלדערע. מען האָט דעם מענטש דאָרט אַריינגעקריגן און מען האָט אים אָנגעהויבן צו וואַרפן ביז אַ שטאָק אין דער הייך, אַזוי איין מאָל און אַזוי נאָך אַ מאָל. דערביי האָט מען אים, פאַרשטייט זיך, אַריינגעשריגן אין דער קאָלדערע אַריין פאַר וואָס מען טוט אים דאָס אַזוי.

מען זאָגט, אַז דאָס זאָל האָבן געהאַט אַ פּעולה סיי אויף דעם געוועזער־מאַכער האַנס און סיי אויף אַנדערע זיינס גלייכן.

אין 16טן י"ה, ווען פלאַנדערן איז אַרונטערגעפאַלן אונטער שפּאַנישער הערשאַפט, האָט דאָס פאָלק, ווילנדיק אויסדריקן זיין פאַראַכטונג צו די אָקופּאַנטן, זיי גערופן שפּאָטיש: „סיניאָרקעס", ד"ה: „האַרעלעך".

פון יענער עפּאָכע שטאַמט אויך די פיגור „אָפּסיניאָרקע". דאָס איז אַן אויסלאַכעריש אָפּבילד פון אַ שפּאַניער מיט אַ הילצערנעם קאָפּ און אַ שמייכלענדיק פּנים פון אַ תמעוואַטן פויער. אין די יום־טובדיקע פאָלקס־פאַרוויילונגען האָט מען זיך אויף אַזאַן אופן געלאָזט ווילגיין אויפן חשבון פון אָקופּאַנט, און ביז אין אונדזערע טעג פילט נאָך דאָס פאָלק אָפּ די באַזונדערע הנאה, וואָס דער מענטש געניסט בשעתן אָפּלאַכן פון אַ באַצווינגער.

אַ מאָל האָט געטראָפן, אַז אַ חברה יונגע מענטשן פון דער שטאָט מעכעלען האָבן מיט קונצן פאַרכאַפּט די דאָזיקע פיגור און זי פאַרהאַלטן ביי זיך ביזן היינטיקן טאָג. פון דעמלט אָן האָט מעכעלען די חזקה אויפן „ריז" וועלכער בלייבט כסדר פאַרשלאָ־

סן אונטער דריי שלעסער, דערשיינענדיק אין דער עפנטלעכקייט קוים איין מאָל, אין פאַרלויף פון פינף און צוואַנציק יאָר.

*

אָבער דער פּאָפּולערסטער ריז אין לאַנד איז, בלי ספק, דער ביבלישער פּערסאָנאַזש ג ל י ת. אַ גאַנצע ריי שטעט האָבן אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן ריז דעם אויבנאָן. דאָס זענען די שטעט: איפּערן, ליער, ניופּאָרט, וועטערען, נאַמור א״אַנד.

דעם באַרימטסטן גלית פאַרמאָגט די וואַלאָנישע שטאָט אַטה. פאַראַן אַפילו אַ סברא, אַז דער נאָמען אַטה נעמט זיך פון וואָרט גלי־אַטה. מען רופט אויך די דאָזיקע שטאָט: „די היים פון ריז גלית״.

דאָ ווערט דער ריז געפייערט מיט אַ גאָר באַזונדערער פּאָמפּע.

ס׳איז סוף זומער (דער 4טער שבת—זונטיק פון אויגוסט). אויף די פעלדער האָט מען נאָר וואָס אַראָפּגענומען די תבואות און דער עולם איז להוט נאָך שפּיל און פאַרווײַלונג.

דער יום־טוב דויערט צוויי טעג נאָך אַנאַנד און ווערט געפייערט מיט אַ באַזונדערן פּאַרנעם.

די פייערלעכקייטן הייבן זיך אָן שבת, ווען ס׳קומט פאָר די חתונה פון גליתן מיט זיין זיווג. מען דאַרף וויסן, אַז אין אָנהייב פון 18טן י״ה האָבן די שטאָטעלטסטע פון אַטה געשאַפן אַ נייעם ריז, בעסער געזאָגט, אַ נייע ריזין, וועלכע טראָגט פון דעמלט אָן דעם נאָמען: מאַדאַם גלית, און יעדעס יאָר, בשעת דעם יום־טוב, פּראַוועט מען אויף ס׳ניי די חתונה אין דער אָנוועזנקייט פון בירגער־מייסטער און זיינע ראַטמענער.

ביים שפּיל פון בלאָז־אינסטרומענטן רירט זיך דער קאָרטעזש פון אָרט ווו ער האָט זיך פאַרמירט. אַ מאָל האָבן זיך די קירכלעכע אויטאָריטעטן באַטייליקט אין דער פּאַראַדע. זינט אַ יאָרהונדערט נעמט די קירך נישט מער קיין אָנטייל אין דעם פייערלעכן צוג, אָבער אַלע אָנטייל־נעמערס פאַרהאַלטן זיך ביים

אַריינגאַנג פון דער קירך. די גלאָקן קלינגען. דער בירגער־מייס־טער מיט זיינע אַסיסטענטן און אויך אַ טייל פון עולם גייען אַריין אין דער קירך וווּ עס ווערט אָפּגעריכט די וועספּער־תּפילה. די צוויי ריזן מיטן איבעריקן עולם שטעלן זיך אויס אין דרויסןביים אַריינגאַנג און וואַרטן אויפן סוף פון דער „חתונה־צערע־מאָניע״.

דער פּאַראַדן־מאַרש באַוועגט זיך איצט פּאַמעלעך, מיט גע־מאָסטעטע טריט. נאָך אַ צאָלרייכער ערנוואַך דערשיינט דער יונ־גער פּאַסטעך דוד. באַלד נאָך אים, ווי אונטערצושטרייכן דעם קאָנטראַסט, קומט גלית, דער העלד פון טאָג, נאָכגעפאָלגט פון זיין געטרייער פרוי־גלית. דער ריז וואַרפט אָן אַ מורא מיט זיין מאַרציאַלן אויסזען. ער טראָגט אויף זיך אַ געצירטן פּאַנצערשילד, אויף וועלכן ס׳איז אויסגעקריצט אַ מאַיעסטעטישער לייבנקאָפּ. אין דער האַנט האַלט ער, אָנגעשפּאַרט אויפן אַקסל, אַן אויסגעקאָ־וועט שטיק אייזן פון אַן אומגעווייניטלעכער גרייס און אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ שפּיציקע קאַסקע פון שווערן מעש.

פון צייט צו צייט שטעלט זיך דער קאָרטעזש אָפּ און דאָס ריזן־פּאָר לאָזט זיך אַוועק אין אַ טאַנץ. דער אָרקעסטער שפּילט אַ ספּעציעל געשאַפענע קאָמפּאָזיציע צו דער געלעגנהייט און דער צוג רירט זיך ווידער פון אָרט.

דאָס חזרט זיך אַזוי איבער כסדר ביז מען קומט צו צום ראַטהויז, וווּ עס שפּילט זיך אָפּ דער ביבלישער שטרייט צווישן גליתן און דעם שלאַנקן פּאַסטעך דוד.

אָבער איידער עס הייבט זיך אָן דער קאַמף גופא קומט פאָר אַ האַמערישער דיאַלאָג צווישן די שטרייטערס. דער הויפּטפּלאַץ פון אַטה איז שוואַרץ פון מענטשן, וועלכע הערן זיך צו צום דאָזיקן ווערטערקאַמף מיט גרויס פריילעכקייט און אין אַ הויך בגילופֿינ־דיקער שטימונג.

# ישעיה זאַנדבערג

דוד, אַ יונג בחורל, אָנגעטאָן אין ווייסן, מיט בלויע בענדער אויפן הוט, האַלטנדיק אין דער לינקער האַנט זיין פּאַסטעכשטאָק, וועלכער איז אַרומגענומען מיט אַ בלויען שלייף, הערט זיך צו מיט אַ שפּאָטישן שמייכל צו די באַרימערישע רייד פון גליהן, וועלכער ווענדט זיך צו אים דער ערשטער אויף אַ געמישט לשון פון פראַנצויזיש און וואַלאָניש, האַלב דעקלאַמירט און האַלב געזונגען.

גלית:

אָך, דו קליין הינטעלע!
קומסטו טאַקע אויף אַן אמת מיך באַקעמפן מיט אַ שטיינדל אין האַנט?
אָ, קליינער באַרימער!
צי ווילסטו טאַקע,

אַז דיינע לייבן־אויגן, זאָלן גיין פאַר די פייגל אין הימל?
ביסטו דען שוין מיד פון לעבן, דו יונגער נאַר?

דוד:

קום נאָר אַהער, דו שונא פון די העברעער!
חוצפּהדיקער מורד, בונטאָוושטשיק אומפאַרשעמטער!
דו רעדסט קעגן גאָט, און איך קום אין זיין נאָמען.
ער, דער באַשעפער, וועט מיט זיין שטאַרקער האַנט מיר ביישטיין.
מיך שיצט דער וואָס איז שטענדיק און אומעטום מנצח!

גלית:

און ווען אַפילו גאָט אַליין וועט אָנשפּאַנען זיין בויגן,
וועל איך נאָך אַלץ אויף דער ערד פירן מיין מלחמה קעגן דיר!

דוד:

אָהאָ! דו לעסטערסט!
זיי זשע זיכער,
אַז פאַר דער לעסטערונג וועסטו באַקומען דיין שטראָף!

נאָך דעם ווי דוד וואַרפט גליתן אַ קליין האַרט בעלעמל, מיט וועלכן ער טרעפט אים גלייך אין שטערן, שרייט ער אויס:

אָהאָ, ער האָט שוין זיינס באַקומען, דער מנוול!
ער האָט שוין דערפילט די האַנט פון אַלמעכטיקן!

דערמיט וואָלט דער דיאַלאָג געקענט זיין געענדיקט. אָבער אַזוי ווי גלית האָט נאָך אַ סך צו טאָן דעם מאָרגעדיקן טאָג, קומט אויף דעם אָרט אַן עפילאָג, בשעת וועלכן גלית הייבט צוריק אויף דעם קאָפּ, גלייכט זיך אויס און מיט אַ פעסטער שטים שרייט ער אויס צו זיין קעגנער:

איך בין נאָך אַלץ נישט קיין טויטער!

אויפן שבתדיקן טאָג איז דער אָפיציעלער טייל געענדיקט. דער עולם באַגלייט איצט דאָס ריזן־פּאָר צו זיין שטענדיקער היים, אין אַלטן שלאָס פון „בראַבאַנטישן טורעם", פון וואַנען די־צוויי פּערסאָנאַזשן וועלן אויף צו מאָרגנס זיך אַרויסלאָזן אויפן יערלעכן טריומף־שפּאַציר, באַגלייט פון די אַנדערע ריזן וואָס די שטאָט פאַרמאָגט.

צו מאָרגנס, זונטיק, פילט זיך שוין אין די מאָרגן־שעהען אַ פיבערדיקע צוגרייטונג אין יעדן ווינקעלע פון דער שטאָט. אין די קאַפעען, רעסטאָראַנען און אויך אין די פּריוואַטע הייזער, סערווירט מען די ספּעציעלע קוכנס, וואָס מען האָט אָנגעבאַקן אויף יום־טוב. די דאָזיקע געבעקס טראָגט דעם וואַלאָנישן נאָמען: „טאָרט גואיאַס" ד"ה אויף יידיש: דער גלית־קוכן.

די אַטמאָספער איז פול מיט אַ פריידיקער דערוואַרטונג. ביי די צוגערייזטע געסט, ווי ביי די תושבים פון אַטה, גייט נישט אַראָפּ פון פּנים דער שמייכל פון צופרידנקייט. באַלד הערן זיך פון דער ווייטנס טענער פון פּאַנפּאַרן, וואָס זאָגן אָן דאָס אָנקומען פון דער גרויסער זונטיק־פּאַראַדע. ס׳לאָזן זיך הערן די אָרקעס־טערס פון בלאָז־אינסטרומענטן וואָס שפּילן אויס דעם ניגון, וועל־כער איז ספּעציעל געשאַפן געוואָרן פאַרן צווייטאָגיקן יום־טוב. ס׳הערן זיך אויך אַנדערע מאַרשן וועלכע באַגלייטן די צאָלרייכע ריזן מיט זייערע סוויטעס און פאַרשיידענע פּראָלוועגענער מיט זייערע קאָסטומירטע גרופּעס.

מיר וועלן דאָ נישט אויסרעכענען אַלע ריזן, וואָס די שטאָט אַטה פאַרמאָגט און וועלכע דערשיינען היינט אין זייער גאַנצן גלאַנץ. אויך וועלן מיר זיך נישט אָפּשטעלן באַזונדער אויף די באַצירטע וועגענער, וועלכע זענען ממש איינגעטונקט אין בלומען פון אַלע קאָלירן. דאָס וואָלט אפשר אומנייטיק פאַרלענגערט די דאָזיקע אַרבעט אונדזערע. מיר האַלטן אָבער פאַר וויכטיק צו דערמאָנען נאָך אַ ביבלישן פּערסאָנאַזש, וועלכער פאַרנעמט אין דעם פּאַראַדנצוג פון זונטיק אַ גאָר בכבודיקן אָרט.

דאָס איז די פיגור פון שמשון הגיבור. ער טראָגט מיט זיך זיינע אַטריבוטן, וואָס באַשטייען אין דעם קינבאַק פון אַן אייזל, מיט וועלכן ער האָט אַ מאָל, אין אַן עת־צרה, באַזיגט זיינע שונ־אים, און אַ מאַסיווע זייל פון פּיליסטערישן טעמפּל, וועלכן ער האָט מיט די בלויזע הענט אומגעוואָרפן, אויסרופנדיק זיין באַ־רימטן נקמה־געשריי: „תמות נפשי עם פלשתים!״

שוין די ערנוואַך, וואָס מאַכט אים פריי דעם וועג, איז באַ־זונדער אימפּאָזאַנט. זי באַשטייט פון אַ גרעסערער מיליטערישער אָפּטיילונג מיט געלאָדענע ביקסן אויף די פּלייצעס. פון צייט צו צייט, אויף אַ קאָמאַנדע פון זייער עלטסטן, שטעלן זיך די אַלט־

מאָדיש געקליידטע זעלנער אַפּ און שיסן אויס אין דער לופט אַ זאַלפּ לכבוד זייער גיבור שימשון.

פון גליתעס פאַנצערשילד גלאַנצט אַראָפּ אין דער זון דער שטאָלצער לייבנקאָפּ, וואָס איז דאָרט פון אַ קינסטלערישער האַנט אויסגעקריצט געוואָרן, די פילפאַרביקע בלומען, מיט וועלכע ס'איז אויסגעצירט דער קאָפּ פון דער יונגער מאָדאָם גלית, ציען צו אַלעמענס בליקן. וואָס אָפטער שטעלט זיך אָפּ דאָס ריזנפּאָר און גייט אַוועק אַ טאַנץ, אַרויסרופנדיק באַגייסטערטע אַפּלאָדיס־מענטן פון אַ דאַנקבאַרן עולם.

ס'איז אַ טאָג פון עכטער פאָלקסטימלעכער פרייד, אַן אומ־פאַרגעסלעכער מאָמענט פאַר דעם וואָס האָט דאָס בייגעוווינט.

*

נאָך אין די גאָר אַלטע צייטן האָט מען געגלייבט אין דער עקזיסטענץ פון ריזן. פאַראַן, ווי באַוווּסט, ריזן־פיגורן, וואָס פאַר־נעמען ביז היינט אַ וויכטיק אָרט אין די רעליגיעזע צערעמאָניעס פון די אַלטע פעלקער.

אַזוי, למשל, קען מען זען דעם דראַגאָן בשעת דער פייערונג פון פרילינג אין כינע. אין יאַפּאַן פיגורירן די ריזן אויף לוויות פון אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן.

וואָס פאַר אַן אָרט פאַרנעמט דער דאָזיקער באַגריף אין דער יידישער מסורה און אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע?

אין ערשטן ספר פון חומש געפינען מיר שוין אַ געשיכטע פון ריזן. מיר לייענען דאָרט:

„די נפילים (אַראָפּגעפאַלענע מלאכים) זענען דעמלט געווען אויף דער ערד (...) ווען די זין פון גאָט זענען געקומען צו די מענטשלעכע טעכטער, וועלכע האָבן פאַר זיי געבוירן גיבורים פון פאַרצייטנס...

אויף דעם דערציילט דער מדרש: גאָט האָט זיך אַ מאָל

באַקלאָגט פאַר די מלאכים אויף דער שלעכטסקייט פון די מענטשן. האָבן צוויי מלאכים, שמחזאי און עזאל, זיך אָנגערופן:

— פאַרטיליק זיי, געווג פאַר דיר די הייליקע מלאכים אין הימל.

איז זיי געענטפערט געוואָרן:

— ווען איר זאָלט געווען וווינען אויף דער ערד, וואָלט איר אויך נישט בעסער געווען.

און באַלד זענען זיי געוואָרן אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד.

ביידע נפילים האָבן דערנאָך גענומען פאַר ווייבער מענטש־לעכע טעכטער, וועלכע האָבן זיי געבוירן ריזנקינדער.

וועגן אונדזער אַלטבאַקאַנטן ריז עוג מלך הבשן דערציילט דער מדרש, אַז ער איז געווען אַזאַ גבר־אלים, אַז ווען די בני־ישראל זענען וואַנדערנדיק אין דער מידבר צוגעקומען צו דער גרענעץ פון זיין שטאָט אַדרעי, האָט זיך עוג מלך השבן אַרויפ־געזעצט אויף דער מויער, כדי צו באַקוקן דעם יידישן לאַגער. אין דעם מאָמענט האָט ער מיט זיין אומגעהאַרישער גרייס אַזש פאַרשטעלט די זון אין מיטן העלן טאָג.

— אָבער, הער איך ווי דער לייענער פרעגט זיך, ווו זענען ערגעץ אונדזערע אייגענע ריזן, וואָס מיר זאָלן זיי האָבן אַרומ־געפירט אין די גאַסן, ככל הגויים?

איז די זאַך, וואָס אַזאַ מינהג האָט ביי יידן נישט געקענט ווערן איינגעפירט, שוין צוליב דעם „לא תעשה לך פסל וכל תמונה״.

פונדעסטוועגן... פונדעסטוועגן זע איך נאָך היינט פאַר מיר, ווי לעבעדיק, דאָס זעלטענע בילד, וואָס האָט זיך מיר איינגע־קריצט אין זכרון, ווען איך בין נאָך געווען אַ חדר־ייִנגל אין דער יידישער שטאָט קאָנין, אין פוילן, ביי דער וואַרטע.

דאָס איז געווען דעם זיבעטן טאָג פסח פאַר נאַכט. אַרויסקו־קנדיק דורכן פענצטער, האָב איך מיט אַ מאָל דערזען אַ כאָפּטע

ווייסע־חברהניקעס פון אַלערליי גרייסן און עלטער. זיי האָבן געש־
ריגן מיט באַנומענע קולות און געטראָגן מיט זיך עפּעס אַ מין
סטראַשידלע פון אַ נישקשהדיקער גרייס. די דאָזיקע פיגור איז
געווען צוזאַמענגעקלאַפּט פון ברעטער און סתם שטיקער האָלץ
און אַרומגעוויקלט אין שמאַטעס, וועלכע האָבן כמעט געכאַפּט
דעם אַנבליק פון אַ מענטשלעכער הלבשה. אויפן קאָפּ האָט דער
„ריז" געטראָגן אַ ברייטן קאַסקעט, וואָס פלעמישע פויערן פלע־
גן טראָגן מיט יאָרן צוריק.

די „נאָז" איז אים געווען צעלייגט איבער אַ האַלב פּנים,
וואָס איז, אגב, אין גאַנצן געווען „אויסגעמאָלט" מיט סאַדזעס
און דאָס אַליין איז שוין געווען גענוג אַרויסצורופן ביי די זעל־
טענע צושויערס אַן אויסערגעוויינטלעכע פריילעכקייט.

ס'איז לייכט געווען צו זען, אַז דאָס איז אַ „ווערק" פון אַן
אימפּראָוויזירטן סקולפּטאָר, וועלכער האָט געהאַט מער גוטן ווילן
ווי קענטשאַפט.

דער דאָזיקער פּאַראַדן־צוג פון יידישן שטעטל קאָנין האָט
נישט בלויז געהאַט זיין מאָלער און סקולפּטאָר, נאָר ער האָט
אויך געהאַט זיין פּאָעט. מען האָט נעמלעך געקענט הערן ווי די
„מאַניפעסטאַנטן" האָבן, אויף אַ צייכן פון זייער עלטסטן, גע־
נומען זינגען מיט ברען די פאָלגנדיקע פערזן:

„חמצדיקער באָרכע!
מיט די לאַנגע שנאָרכע!"

אויב ס'געפינען זיך צווישן די לייענערס אַזעלכע, וואָס
אָריענטירן זיך נישט אין דעם פּשט פון די אויבן געבראַכטע
קונציק געגראַמטע שורות, וועט נישט זיין איבעריק צו דערמאָ־
נען אַז דאָס האָט זיך אָפּגעשפּילט דעם זיבעטן טאָג פּסח, ווען אין
אָוונט, הגם דער יום־טוב האַלט נאָך אָן, מעג מען זיך שוין
דערלויבן מקיל צו זיין אין די ענינים פון חמץ־מצה, ווייל אין ארץ־

ישעיה זאַנדבערג

ישראל איז שוין דעמלט אויס יום־טוב. מען האָט, בכן, דעם אוונט, ביים מעריבדיקן דאַווענען, געזאָגט אַ „חמצדיקן" ברכו.

קיין שום געמיינדע, קיין שום טוריסטישע געזעלשאַפט אָדער גילדע האָט נישט אויסגעאַרבעט די סטאַטוטן פון דער דאַזיקער חברה. ס'איז אַ סברא, אַז די קאָנינער פונדאַציע פון „חמצדיקן ברכו" האָט בכלל קיין סטאַטוטן נישט געהאַט.

אָבער די דאָזיקע „גאַסניונגען", מיט זייער ראש „קוואָקע" אין דער שפּיץ, האָבן אַלץ גענומען אויף זיך און אַדורכגעפירט דעם מיט זאָרג צוגעגרייטן קאָרטעזש פון אייגענער איניציאַטיוו.

למען האמת מוז מען צוגעבן, אַז דער דאָזיקער מינהג, וועלכער איז לכתחילה נאָר בלויז טאָלערירט געוואָרן פון די בכבודיקע באַלעבאַטים פשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך מיט די „לאָבוסעס" קיין עצה נישט געקענט געבן, איז מיט דער צייט געוואָרן טראַדיציע און קיינער האָט מער נישט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט קעגן דעם.

אויף אַזאַ אופן האָבן די אָרעמסטע פון די אָרעמע, די פאַר־וואָרלאָזטע יינגלעך פון אַ יידיש שטעטל אין פּוילן, מיט זייער לעבעדיקן חוש פאַר פאָלקלאָר, גענומען אויף זיך די אחריות צו פאַרבילדלעכן אַזאַ פאָלקסטימלעכע אייגנאַרטיקייט, וואָס עס איז אפשר צו איר דערפינדערישקייט נישטאָ קיין גלייכן אין קיין שום אַנדערן יישוב אין די תפוצות.

ביבליאָגראַפיע:
בראשית, ו' — 4;
ילקו"ש, מ"ד;
רש"י — במדבר, י"ג 33
"Quelques traditions et coutumes du Folklore Belge" par Henri Liebrecht;
„Les Geants" par Robert Dessart.
„Folklore Belge" par Albert Marinus;

# אינהאַלט



## דערציילונגען און נאָוועלן



## זכרונות און מעדיטאַציעס

## פֿאָלקס־לעגענדעס, מינהגים און יום־טובֿים
## ביי יידן און אַנדערע פֿעלקער

# פון זעלביקן מחבר

דער שונא אין די מויערן. פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1963.
געווונען דעם דיאַנאַ בלומענפעלד־פרייז.

פונקען אין דער נאַכט. פאַרלאַג „אויפקום", תל־אביב, 1965

השונא בתוך החומות. העברעיש: פראָפ' שמואל אייזנשטאַדט.
הוצאת „תקומה", תל־אביב, 1966.

פראַנצויזישער טעקסט פון מחבר:

**L'ennemi dans les mûrs, editions vie Ouvriére, Bruxelles, 1966.**

קלאַנגען. פאַרלאַג „אויפקום", תל־אביב, 1968.